# לידער פון אַ פּליט

פון

חיים פידערער־מאַרגאַלים

אַרויסגעגעבן פון מחבר

ניו־יאָרק 1961

# POEMS OF A REFUGEE

By

CHAYIM FIDERER-MARGOLIS



הויפט־פארקויף : ציקא־פארלאג

*Printed in the U.S.A. by*
SHULSINGER BROS. LINOTYPING & PUBLISHING CO.
21 East 4th Street, New York 3, N. Y.



# אַ פּאָר ווערטער פון מחבר

שוין אין די ערשטע טעג, ווען די נאַציס זיינען באַפאַלן מיין היים־שטאָט, און איך האָב גלייך דערפילט אויף זיך זייער רשעות און די פּורעניות'ן פון די היטלער־יונגען אין ווין, — האָב איך זיך געגעבן אַ נדר: אַז אויב מיר וועט ווען עס איז געלינגען זיך צו ראַטעווען פון דעם נאַצישן גיהנום, וועל איך דערציילן פאַר דער וועלט דעם צער פון די אידישע קרבנות.

אין יענע טעג האָב איך שוין אין דער היים נישט געקענט בלייבן, געשלאָפן יעדע נאַכט אין אַן אַנדער פּלאַץ; טעג גאַנצע אַרומגעפאָרן אין די טראַמווייען כדי אין גאַס נישט געכאַפּט צו ווערן פון די דייטשע רוצחים. געגנוג פּעטש און קלעפּ פון זיי אַריינגעכאַפּט אויף פאָרנדיק אין טראַמוויי. אָבער ענדלעך — אין דער צוועלפטער שעה — האָב איך זיך, על־פּי נס געראַטעוועט אין דעם נייטראַלן לאַנד: די שווייץ.

דאָרט האָבן זיך אָנגעהויבן נייע צרות פאַר מיר, ווי פאַר די אַנ־דערע אידישע פּליטים, און ווי איינער פון די דאָזיקע פּליטים וואָס איז דורכגעגאַנגען שבעה מדורי גיהנום, האָב איך פּרובירט מקיים־זיין מיין נדר, און אויף אַ באַשיידענעם אופן פאַרצייכענען אין לידער מיינע איבערלעבונגען.

איך וויל האָפן, אַז מיר איז כאָטש טיילווייז געלונגען איבערצו־געבן אי די טיפע ליידן, דעם דערנער־וועג פון די אידן־פּליטים, גע־יאָגטע און געפּלאָגטע איבער גרענעצן און לענדער, און אי די פרייד פון די וואָס האָבן, ענדלעך, נאָך אַזוי פיל נגישות געפונען ערגעץ אַ שטיקל מקום־מנוחה צווישן אידן — אין ארץ־ישראל צי אין די פרייע אַמעריקעס.

זאָל מיין ליד זיין אויך אַ יזכור פאַר די אומגליקלעכע, וואָס זיינען געפאַלן אויפן וועג, און דעם טאָג פון נצחון איבער די נאַצי־רשעים, ימח שמם וזכרם — האָבן זיי נישט דערלעבט.

כבוד זייער הייליקן אָנדענק!

ניו־יאָרק, יוני, 1961

דאָס בוך איז געווידמעט מיין מוטער

**ראַצע ע״ה**

און דער גאַנצער משפחה, וואָס זיינען

אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַצים

ימח שמם.

אין צער איך ווייטיק אָן אַן ענד,
איך הער נישט אויף צו קלאָגן,
און אַלץ וואָס איך האָב נאָר געקענט,
טו איך איצט דאָ זאָגן.

**ה. פידערער'ס „לידער פון אַ פליט"**

איז אפשר אַ נייער צוזאָג. דער פאָלקס־טאָן און דער שטילער הומאָר גיט־צו זיינע (טעכניש־שוואכע) פערזן עפּעס אַ מאָדנעם חן...

ש. ניגער

„טאָג", מערץ, 1954

# אינהאַלט



## I ווין



## II שווייץ

## III שפּאַניע



## IV פון אַלע טעג

## V אמעריקע

# אויפן שטילן בית־עלמין

און ווידער אַ גזירה אַ נייע געקומען,
אויף אידן אַן אומגליק — גרויס,
דאָס ביסל פרייקייט אויך צוגענומען,
מען טאָר ניט פאַרלאָזן דאָס הויז.

צו זיצן אין פּאַרק איז מער ניט דערלויבט,
עס זיינען די בענקלעך באַשריבן:
„נור פיר אַריער"... אוי, ווער האָט עס געגלויבט,
צו זיין געיאָגט — אַזוי געטריבן.

און טאָמער, חלילה, מען זעצט זיך אַנידער,
אין שאָטן פון ביימער, וואו ס'שטיקט ניט די היץ,
די „היטלער־יונגען" קומען שוין ווידער,
און טיילן מיט בייטשן די שמיץ.

געטריבן פון נויט, גיבן זיך אידן אַן עצה,
אויפן שטילן בית־עלמין צו גיין,
אַביסעלע זיכערער איז דאָרטן די פּלייצע —
ס'ווערט גרינגער דאָס האַרץ פון געוויין...

(ווין, יולי, 1938)

# פיר אינגעלעך זאָגן „קדיש״

(בילד)

עס גייען דריי יונגע עס־עס־לייט אין גאַס,
די שטיוול געפּוצטע אין גלאַנץ,
אין זייערע פּנים׳ער זעט מען נאָר האַס,
מיט צוויי שאַרבנס די היטלען באַקראַנצט...

ס׳איז שטיל אין געסל, קיין נפש ניט צו זען,
פאַרשלאָסן זיינען טיר און טויער,
אַ פּחד, אַ מורא, נאָר פּלוצעם זיי גייען,
און ברענגען עלענט און טרויער.

אויפמאַכן! — ברילן די נאַצישע שטימען,
און שטיוול זעצן אין טיר,
„אָ, קינדער, וואָס טוט מען? זיי קומען שוין נעמען
דעם טאַטן, אוי, ווי איז צו מיר״.

די טיר איינגעבראָכן, די רוצחים — אריין,
אין שטוב ווערט אַן אימה, אַ שרעק,
עס בעט זיך די מאַמע פון קינדערלעך קליינע:
זייער טאַטן, אָ, נעמט ניט אַוועק!

עס העלפט ניט דאָס וויינען פון אינגעלעך פיר,
ס׳פאַלט אין חלשות די מוטער,
זיי האָבן פאַרשלעפּט מיט גרויליקן גיר
זייער איינציקן שיצער און היטער.

— — — — — — — — — — — — —

עס זאָגן פיר אינגעלעך „קדיש״ אַצינדער
נאָכן ביסעלע אַש פון זייער טאַטן, —
וואָס ס׳האָט זיי געשיקט דער רוצחישער שינדער
פון „דאַכאַו״ — צום טויט דאָרט פאַרמאַטערט.

# מיר גייען

מיר גייען און לויפן,
און ווערן ניט מיד,
צרות זיך הויפן,
אויף שריט און טריט.

מיר גייען און גייען,
גרעניצן שוואַרצן,
און פּלוצים מיר שטייען —
עס קלאַפּט אין האַרצן.

קיין וויזע פאַראַנען,
ווי ס'געזעץ באַפעלט,
עס העלפט ניט קיין טענה'ן —
דער וועג איז פאַרשטעלט.

אין עלנט און צער
מיר שמאַכטן אין תפיסות,
ס'איז ביטער דער גזר
פון נאַצי־רדיפות.

# קיינמאָל נ׳שט פאַרגעבן

וועו איך האָב געזען
רוצחים׳ס ווילדן האַס,
רויבנדיק זיי גייען,
און מאַכן בלוטיקן שפּאַס;

ווען איך האָב געהערט
יאָמער און געוויין,
ביים רייסן פּיאות, בערד
און האַקן אין די ציין;

גע׳רודפ׳ט אין גאַלאָפּ,
טיילנדיק די קלעפּ,
צעבלוטיקט פּנים, קאָפּ —
ווען צום טויט געשלעפּט —

האָט מיין האַרץ פון צער
קלאַפּן נישט געקענט,
ווי אַ משוגענער נאַר
געקוקט כ׳האָב אויף די ווענט.

געפרעגט כ׳האָב זיך אַליין:
קען געמאָלט דאָס זיין?
און ווי אַ קינד געוויינט,
געקריצט מיט מיינע ציין.

און אין שטילן כעס
אַ נדר זיך געגעבן:
אַט דעם צוררס האַס
קיינמאָל נישט פאַרגעבן!

## ניַשט פאַרגעסן, ניַשט פאַרגעבן

דייטשלאַנד, דייטשלאַנד — גרעסטע קללה,
רודפ'סט אונדז מיט האַס און וואוט,
קומען וועט נאָך דיין מפּלה,
פאַר באָדן זיך אין אידיש בלוט.

ווען סיי אין חלום, סיי אין וואָך,
דו באַווייזט זיך פאַר מיינע אויגן,
רויבסט פון אונדז היים און דאָך,
צווינגסט אונדז נאָר צו גיין געבויגן —

ווען איך זע, אָ, דייטשע חיה,
ווי דו מאַרשירסט שטאָלץ, צופרידן,
און ביי אונדז אַלץ מער לויה'ס,
נאָר דערפאַר וואָס מיר זיינען אידן;

טוסט פאַרשניידן אונדזער לעבן,
מיט די גרויזאַמסטע גזירה'ס,
אָ, נישט פאַרגעסן, נישט פאַרגעבן,
און געדענקען עד סוף כל הדורות!

# וואוהין?

דאָס האַרץ איז מיר שווער,
דער גוף איז שוין קראַנק,
איך האַלט נאָך אין קלערן,
ס׳איז מיר אַזוי באַנג —

דער וועג איז מיט שטיין,
דורך דערנער צו קריכן,
וואו זאָל איך גיין?
מיין גורל מיר זוכן?

זיך צום הימל איך ווענד,
און אין טיפסטן צער,
כ׳בעט: זאָל שוין זיין אַן ענד —
מאַך אַ סוף צום גזר...

# דער שטן פרייט זיך . . .

אונדזער לעבן
איז נישט ווערט איצט קיין פּרוטה
מיר ווערן ווי שעפּסן
געפירט צו דער שחיטה.

מען שלאָגט אונדז, מען הרג'עט
מיט כל-ערליי מיתה'ם,
אָפּט טוט מען זיך ווינטשן
צו האַלטן ביי גסיסה.

דער שטן פרייט זיך
און האָפּקעט אַ טאַנץ,
זיין שטיקעלע אַרבעט
ער מאַכט עס גאַנץ . . .

# דייטשער קאָנצענטראַציע־לאַגער

טאָג־טעגלעך מען ליידט
הונגער און קעלט,
קיין האָפענונג, קיין פרייד —
אַ פינצטערע וועלט.

פיר אין דער פרי
הייבט זיך אָן דער שטורם,
מען טרייבט ווי די קי
פון שטאַל אַרוים.

אין דרייסיק גראַד קעלט,
אין שטרייף־קליידער דינע,
אין ריי אויסגעשטעלט,
צו פילן די שנאה.

אין „לויף־שריט" צו טראָגן
שטיינער — קלאָצן —
געפּאַטשט און געשלאָגן,
אָן אויפֿהער דערשאָסן.

עס־עס לייט פּאַרטיליקן
מיט כל־ערליי מיתה'ס,
אָפט נעמט מען פרייוויליק
זיך ס'לעבן אין תפיסה'ס...

# ווען דו ווערסט לאַנדן

ווען דו ווערסט לאַנדן אין אַ נייעם לאַנד,
זאָלסטו, ברודער, נישט פאַרגעסן, ניין,
אַז געווען ביסטו אַן עמיגראַנט,
און געדענקען וואָס עס איז געשען.

נישט פאַרגעסן אין די נעכט און טעג,
אין די תפיסות פונעם „דריטן רייך״;
אין די קלעפּ און ביטערן געשלעג,
ווי געווען מיר וואָלטן שקלאַפן גלייך.

אַז דו ווערסט זיין נישט מער געיאָגט,
זאָלסטו, ברודער, נישט פאַרגעסן, ניין,
ווי מען האָט אונדז געמוטשעט און געפּלאָגט,
ווי געפּייניקט און געהאַקט די ציין.

פון די הייזער, פון די געסלעך
מען האָט אונדז געשלעפּט, גרויס און קליין,
געוויזן האָט מען אונדז די שאַרפע מעסערלעך —
„בלוט וועט שפּריצן פון אייער געביין!״

ווי מען האָט פאַרברענט די שוהלעכלעך,
און געפּלינדערט און געראַבעוועט;
ווי צעריסן ספר־תורהלעך,
און געמאַכט האָט מען אַלץ צו שטויב.

אַז דו וועסט זיין אַ מענטש מיט מענטשן גלייך,
זאָלסטו, ברודער, ניט פאַרגעסן, ניין,
אין די טרערן כמעט אַ טייך,
אין דעם יאָמער און געוויין.

ניין! פאַרגעסן זאָלסטו קיינמאָל נישט,
וואו וועסט גיין און וואו וועסט שטיין,
ווי געצאַפּט מען האָט פון אונדז דאָס בלוט,
און די וועלט — האָט דאָס אַלץ געזען.

# דער גרינער „היינריך״ *)

ס׳פאָרט זיך דער אויטאָ דער „גרינער״,
געפּאַקט מיט אידן — אַ שרעק;
ס׳הייבט אָן זיך די מיתה־משונה,
מען באַטרעט דעם ביטערן וועג.

אין גאַס צו גיין איז ניט זיכער,
מ׳קען זיך ניט באַהאַלטן אין שטוב;
ער לויפט ווילד ווי אַ וויכער,
און פירט די קרבנות צום גרוב...

ווען שטיין געבליבן ס׳איז „היינריך״
אין אַ גאַס — אין דער נאַכט צי ביי־טאָג,
ווייסט שוין איעדער ביי זיך:
אוי, ס׳איז פאַרטיק די קלאָג!

ער וואַרט שוין ביים הויז, איז גרייט
זיך נעמען צום מוטשען זיין קרבן,
וואָס ווערט פון „עס. אַ.־לייט״ באַגלייט,
איידער ס׳הויבט זיך אָן דער חורבן.

מען שלעפּט אַרויס און אַריין,
פון „גרינעם היינריך״ דעם גרויסן;
אידן צעממיתטע, צעהאַקט די ציין,
פון היטלערס משרתים געשטויסן.

---

*) „גרינער היינריך״ איז דער נאָמען פון באַקאַנטן פאַרברעכער־אויטאָ וואָס ברענגט די אַרעסטאַנטן אין תפיסה.

אַ פּחד, אַן אימה, אַ מורא —
תּמיד מען זעט אים נאָר יאָגן;
ס'העלפט ניט אפילו דער בורא,
ס'העלפט ניט קיין בעטן, קיין קלאָגן.

ס'וויינען די מאַמעס און קינדער,
מ'קוקט אויף דעם אויטאָ דעם „גרינעם",
ווי ער פירט צו דער שחיטה די רינדער —
צום שרעקלעכן, פינצטערן גיהנום...

## איינער...

ער איז איינער,
אַ חוץ אים — קיינער;
באַפלעקט מיט בלוט זיינען זיינע הענט,
פון זיין פיסק אַ פייער ברענט;
נישט קיין ווייב, נישט קיין קינד,
און שאַרפע ציין ווי ביי הינט.

ער שרייט מיט כעס אָן אויפהער
פלאָגט די מענטשן אַזוי שווער:
ווער פריי עס דענקט — ער דערשטיקט,
מיט האַק און צלם ער זיי צעדריקט.

אָן אַ שיעור זיין רשעות גרויס,
און נאָר הערשן וויל ער בלויז;
ווער ס'איז קעגן אים — צו דער וואַנט —
געמאַכט אַ תּפיסה פון זיין לאַנד.
ער איז איינער,
אַחוץ אים — קיינער.

# נישטאָ אין פּאַספּאָרט קיין וויזע

כ׳האָב געדינט אין קירה׳ס מלחמה,
דערצויגן אין אַ קולטור פון דייטשן,
די יורשים פון שילער און געטע,
זיי יאָגן מיך איצט מיט די בייטשן.

נעם איך מיין קליינע וואַליזע,
עפן זי אויף מיט פאַרדראָס,
כ׳גרייט זיך אין וועג אומבאַקאַנטן,
כאַטש פרעג פאַרוועזן און פאַרוואָס.

איך ווייס נישט וואָס פריער מיטנעמען:
אַ בגד, צי שיך, צי אַ העמד,
צי אפשר פון היינען די לידער —
אַ טרייסט פאַר מיר אין דער פרעמד.

די מאַמע פאַרוויינטיקט זי בעט מיך:
געענוג שוין דיין צער און קלערן,
דיין היינע, און געטע, און שילער,
וועלן רופן אין דיר נאָר טרערן...

לייג אַריין דיין טלית און תפילין,
ס׳איז קליין די וואַליזע און שוואַך;
איך וועל דיר נאָכשיקן מלבושים,
פאַרגעס נישט דיין בר־מצוה־תנ״ך.

פאַרפאַק איך מיין אַלטע וואַליזע,
און טו מיין מאַמעס פאַרלאַנג,
נישטאָ אין פּאַספּאָרט קיין וויזע,
איך באַטראַכט פון וואַנדער דעם גאַנג.

# אָפּשייד

ס'איז צוועלף אַזייגער אינמיטן נאַכט,
עס קומט די שעה פון שיידן,
שטיי איך ביים וואַגאָן און טראַכט —
איך קען קיין וואָרט ניט ריידן.

מאַמע, שוועסטער, ווייב און קינד
שטייען מיר אַנטקעגן;
— אוי, וואוהין דיין וועג אַצינד? —
שטומערהייט זיי פרעגן.

אויגן פייכטע פול מיט טרערן,
צו מיר זיי טוען קוקן,
מען וויל פון מיר אַ וואָרט נאָך הערן,
מען האַלט אויף מיר די בליקן.

פון ווייטיק גיב איך מיר אַ לאַך —
כ'פּרואוו אַלעמען טרייסטן:
ערגעץ־וואו וועט זיין אַ דאַך —
איך וועל שוין וואו ס'איז נעסטן.

מ'הערט דאָס פייפן פונעם צוג,
ער הויבט באַלד אָן צו גיין,
און אין הארצן נאָגט און נאָגט —
דערשטיק איך מיין געוויין.

און אָט רירט זיך שוין דער צוג,
מיר שיידן זיך פונאַנדער;
כ'פיל ווי ס'פאַלט אויף מיר די פּלאָג —
פון נע־ונד און וואַנדער...



ווי לאַנג וועלן דויערן מיינע ליידן ? צייכענונג פון אַ פליט־חבר אין דער שווייץ

# שווייצער־לאַנד

שווייצער לאַנד, דו ביסט קליין,
האָסט קיין חשק גרויס צו ווערן,
ביסט צופרידן מיט זיך אַליין,
און קיינעמס גליק ווילסט ניט צעשטערן.

שווייצער פאָלק, דו ביסט גרויס,
פיר־שפּראַכיק איז דיין ריידן, זינגען,
אָבער איין געדאַנק האָסטו בלויז,
פריי צו זיין, ניט געצוואונגען.

שווייצער ערד, ביסט אַזוי גוט,
צו פאַריאָגטע — כמעט אַ מוטער,
אויף יעדן שריט, אויף יעדן טריט,
פילט מען פריי זיך, אָן אַ ציטער.

שווייצער בערג, איך קוק אויף אייך,
און באַוואונדער אייער פּראַכט,
בוים און וואַלד, פעלד און טייך —
זייט באַהיט פון בייזער שלאַכט.

פאָלק און לאַנד, טאָל און באַרג,
איך בעט פאַר אייך צום בורא עולם:
גיב זיי כח, מאַך זיי שטאַרק,
און דערהאַלט זיי, גאָט, דעם שלום!

# אין דער ציריכער קהילה

אָפּט קוק איך אָן די פּאַרשוינען:
קצבה־נעמערס, יונגע, אַלטע,
אויף די פּנים'ער טויט וואוינען
בלייכער צער פון צרות קאַלטע.

וואָך נאָך וואָך, חדשים, יאָרן,
קומען זיי די האַנט אויסשטרעקן,
זייער בושה, זייער צאָרן
נעמט אין מיר אַ פּחד וועקן.

זיי זיצן שעהן'־לאַנג און וואַרטן,
און מען קוקט זיך אין די אויגן,
מען דערציילט זיך פון גורל האַרטן,
אָפּט — נישט געשטויגן, נישט געפלויגן.

גרויס דער ווייטיק, און דאָך — פריילעך,
לאַכן איז גוט דאָך צום געזונט...
מ'וויל פאַרגעסן פונעם הולך,
פון דער שרעקלעך הייסער וואונד.

# אין דער „מיקאַ״ *)

עס זיצן אין דער „מיקאַ״
מענטשן פון אַלע סאָרטן,
פריילעך עסט מען און מען טרינקט
פון אַלעם גוטן דאָרטן.

און עמיגראַנטן אויך
קיינמאָל דאָרט נישט פעלן,
יעדער זיינע צרות —
דעם צווייטן טוט דערציילן.

איך פאַרשטיי אייך, ברידער,
און פיל דעם ווייטיק גרויסן,
און ווייס ווי ס׳איז ביטער
ווען מ׳ווערט געיאָגט, געשטויסן.

קיין זון, קיין ליכט, קיין פרייד,
הויבט איר בעכער נאָך אַ בעכער,
אָפט האַלבע טעג, און גאַנצע,
נישט פאַר תענוג זיכער!

---

*) אַ האַלב־וועלט רעסטאָראַן אין ציריך.

# נישט אַהין און נישט אַהער *)

איך האָב דיך נישט געקענט,
מיין חבר און מיין ברודער,
פונקט ווי כ׳קען נישט טויזנטער
אינעם איצטיקן הארמידער.

אָבער גוט איז מיר באַקאַנט
די צרות און דיליידן,
כ׳בין אַנטלאָפן פונעם זעלבן לאַנד,
געמוזט זיך פון אים שיידן.

וואָס האָסטו אַלץ נישט מיטגעמאַכט
אינעם גיהנום פון די דייטשן?
אין „דאַכאַו" האָט מען אומגעבראַכט
דיין פאָטער מיט ריטער און בייטשן.

און ענדלעך ווען דו ביסט אַריין
אין דער שווייצארישער מדינה,
געליטן האָסטו ווידער פיין,
ווייל פאַרשלאָסן איז פאַלעסטינע.

נישט באַשערט איז עס דיר געווען,
פאַרריגלט אַלע טירן;
צום אויסגעבענקטן לאַנד צו גיין —
קיין שיף האָט נישט געקענט דיך פירן.

נישט אַהין און נישט אַהער,
אומזיסט דיין האָפן, שטרעבן;
דאָס לאַגער-לעבן איז געווען דיר שווער,
האָסטו געמאַכט אַ סוף צום לעבן.

---

*) דעם 14טן אויגוסט, 1939, האָט דער 27־יאָריקער עמיגראַנט ר. גאָלדשטיין פון וויִן זיך גענומען דאָס לעבן אין אַ שווייצאַרישן פליכטלינג־לאַגער.

# אָפט שלאָפט מען נישט גאַנצע נעכט

מיר זיינען עמיגראַנטן, און אויף גרויסע צרות,
מיר זיינען הפקר, מען שלאָגט מיט אונדז כפרות,
און ווי ס׳איז ביטער, און ווי ס׳איז שלעכט,
איז שלאָפט מען אָפט נישט גאַנצע נעכט.

אַנטלאָפן איז מען פון דער שיינער שטאָט ווין,
אַוועקגענומען האָט אַלץ דער פירער פון בערלין,
איצטער מוז מען וואַנדערן פון לאַנד צו לאַנד,
אוי ווי ס׳איז אַ וויטיק צו זיין אַן עמיגראַנט.

וואוהין מען קומט, איז אַ שיינער ברוך־הבא...
מען האָט אויף אונדז רחמנות — פאַר וואָס נישט, אדרבא,
נאָר וואו מ׳גייט און וואו מ׳שטייט, אין איעדן לאַנד,
הערט מען נאָר דאָס חוזק־וואָרט: „עמיגראַנט״.

יעדע וואָך איז מען אַן אורח אויף שבת,
מען צעררייסט זיך פשוט מיט אונדז די שקראַבעס,
קיינער ווייסט דאָך אָבער נישט ווי מ׳טאַפּט אַ וואַנט...
אוי, ווי ס׳איז אַן אומגליק צו זיין אַן עמיגראַנט.

אַמאָל זיינען מיר געווען מענטשן מיט לייטן גלייך,
איז אויף דער וועלט געקומען דאָס נייע „דייטשע רייך״,
מיט גרויזאַמסטע רציחות, מיט אַן אייזערנער האַנט,
געמאַכט פון אונדז בעטלערס, ווי מ׳רופט: „עמיגראַנט״.

ווען וועט שוין נעמען אַמאָל צו דעם אַן ענד?
[redacted] ווועלן מיר ווידער האָבן די פאַרלוירענע פיר ווענט?
נישט געיאָגט, נישט געפּלאָגט, קיין שפּאָט, קיין שאַנד,
ווען וועלן מיר אויפהערן צו זיין: עמיגראַנט?...

# דער אומבאַקאַנטער עמיגראַנט

כ׳בין דער אומבאַקאַנטער עמיגראַנט,
און דאָך — באַקאַנט אין יעדן לאַנד,
ווען מ׳גיט מיר קצבה אין דער האַנט,
ווערט מיר ס׳פּנים רויט פון שאַנד.

כ׳בין דער דאָרן פון דער צייט,
וואָס טראָגט זיין גורל מיילן ווייט,
היינט בין איך דאָ; מאָרגן — דאָרט,
אַ וואַנדערער פון אָרט צו אָרט.

אַזוי וואָגל איך פון לאַנד צו לאַנד,
און שוואַכער ווערט אַלץ מיין פאַרשטאַנד,
אַן איבעריקער אויף דער וועלט,
פרעמד אין יעדערנס געצעלט.

איך בין, איך בין — ווער בין איך, ווער?
ווער הערט זיך צו צו מיין באַגער?
צי איז עס דען פאַרלאַנגט אַ סך —
אַ היים, אַ ווינקל, איבערן קאָפּ אַ דאַך?

# „לך־לך"

שפּילט קלעזמאָרעמלעך, שפּילט,
זאָל ציטערן יעדע סטרונע,
פאַרגעסן זיך עס ווילט
די ימ׳ען פּיין און שׂנאה.

לוסטיק און פריילעך
זיין זאָל איצט איעדער,
באַלד זאָגט מען אונדז הולך,
און „לך־לך" — כּסדר.

נישטאָ קיין היים, קיין לאַנד?
נו, טוט ברידער נישט זאָרגן,
קלאַפּט־צו מיט דער האַנט,
נישטאָ סיי ווי קיין מאָרגן.

זאָלן טענער קלינגען,
שעה׳ען נאָך שעה׳ען,
די צרות באַזינגען,
דאָס לעבן פון קהל.

נו, דרייט זיך און האָפּ,
אַהין און אַהער,
פאַרטומלט דעם קאָפּ,
מען איז מיד שוין פון קלער.

שפּילט, קלעזמאָרעמלעך, שפּילט,
גע׳שיכור׳ט זאָל ווערן!
— מ׳יאָגט אונדז אום ווילד
אומזיסט אונדזערע טרערן...

(ציריך, 1941)

# אפשר?*)

ווער ווייסט?
אפשר האָב איך זיך פאַרזינדיקט
פאַר דיר, אָ, גאָט,
אַז אַ גלויבן, אַן יראת שמים,
גלאַט געלעבט אין טאָג אריין,
מיינענדיק ס׳דאַרף אַזוי צו זיין —
זיי־זשע מוחל מיר, אָ, גאָט!

אפשר איז אַזוי באַשטימט,
אַז דורך ליידן ביטערע, טיפע
זאָל געלייטערט ווערן מיין נשמה;
דורך צרות גאָר פיל זאָל געפּרואווט ווערן
דער איד, און אַ געפּרואווטער
קריגן כוח און שלעפּן ווייטער
דעם גורל־יאָך פון לעבן,
און אייביק ניט געלעבט.

איז אויב אַזוי —
נעם איך אַן אַלץ פאַר ליב,
און פרעג ניט קיין שאלות,
און האָב ניט קיין טענות,
ניט צו דיר, מיין באַשעפער,
און ניט צו דיינע מעשים.

נאָר איך בעט דיך:
העלף, אוי העלף!
אפשר —
אפשר וועט דורך תשובה און תפילה
קומען ענדלעך די גאולה.

---

*) אין ציריך האָט דער ווינער עמיגראַנט, קאַפּעלמייסטער (קאָנדאַקטאָר) היינריך פּאָלאַק באַקומען אַ רעליגיעזן וואהן לין

# ווי לאַנג?

ווען דער טאָג גייט אַוועק,
און די שטילע נאַכט קומט אָן —
פון נע־ונד, יאָרן פון שרעק —
פאַר'חושכ'ט ווערן מיינע שעה'ן;

פון קלערן כ'ווער אַ מידער,
זע קיין סוף ניט — צו היימלאָז זיין;
שוואַכער ווערן מיינע גלידער,
דער וואַנדער קוקט אין אויג אַריין;

עס באַפאַלט מיך כעס און צאָרן,
אין ענגשאַפט פונעם בוידעם־חדר,
וואו פינצטער זיינען די קאַיאָרן,
און פאַרשטיקט די לופט כסדר;

עס טונקלט מיט אַ מרה־שחורה —
די האָפענונג אויף אַ טראָפּן פרייד;
פרעג איך דיך, אָ, גרויסער בורא,
ווי לאַנג, אָ, דויערן וועט מיין לייד?

# נדבות

איך שטרעק די האַנט אויס נאָך נדבות,
אָך און וויי איז מיר,
דאָס לעבן איז מיר מר ממות
פון קלאַפּן אין פרעמדער טיר...

ס׳איז שרעקלעך גרויס דער פּיין פון בעטן,
ס׳פאַרטונקלט אָפּט דעם שכל,
און כאָטש פון גורל נידעריק געטרעטן,
טו איך נאָך ווייטיקדיק אַ שמייכל...

און ווער איך מיד — זוך איך מיר אַן אָרט
וואו אָפּרוען פון שפּאַנען,
ניט הערן מער וואָס אין דער קאָרט —
און: „גייט אייך שוין פון דאַנען!"

דאָך אייניקע דערפילן מיין פאַרלאַנג...
זייער האַרץ איז ניט פון שטיין,
מיט אַ שווער געמיט זאָג איך: אַ דאַנק,
און דערשטיק קוים מיין געוויין...

# אין קאַפּע

איך זיץ אין קאַפּע
אָפּט שעה'ן נאָכאַנאַנד,
ביי אַן איינציק גלאָז טיי,
די צייטונג — אין האַנט.

איך זוך ידיעות
פון נאָענט און ווייט,
רויכער פּאַפּיראָסן —
פאַרגיין זאָל די צייט.

צו אַ ליידיק־גייער
פאַרמשפּט אַצינד
ווער קען פילן מיין צער?
ווער קען היילן די וואונד?

איך קוק אויף די ווענט,
אויף מענטשן, און קלער —
ווער נעמען אַן ענד? —
פון אויג פאַלט אַ טרער.

ס'לויפן די טעג,
חדשים און יאָרן,
בלייבן — ניט איך מעג,
און ניט כ'קען פאָרן.

איך זיץ אין קאַפּע
טאָג־אויס טאָג־איין,
ס'איז ווינד און וויי,
קיין ליכטיקער שיין.

# אַ שאלה

גרויסער שעפּער!
איך וויל דיר אַ שאלה פרעגן:

האָסט באַשאַפן אַ וועלט באמת אַ שיינע,
נאָר די גרויסע פרעסן און שלינגען די קליינע,

און דו טוסט צוזען דעם חורבן, שווערן,
איז עס טאַקע דיין רצון אונז צו צעשטערן?

אַפּנים די וועלט איז קליין, ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר אלע,
איז פרעג איך דיך, שעפּער, אַזאַ מין שאלה:

דער כלב פון גאַס האָט דאָס דירה'לע זיינע,
אַ וואָרעם נעסטעלע — דאָס פייגעלע קליינע;

אפילו דער וואָרעם זיין גריבעלע האָט,
נאָר אונז אַליין האָסטו פאַר'משפט צו שפּאָט.

איז פרעג איך דיך, שעפּער, אַ שאלה, איך פרעג:
וועלן מיר ווען צושווימען צו אַ רואיקן ברעג?

# אַ גאַסט אויף אַ ווייל . . .

איך זיץ אין די פּאַרקן
בייטאָג און פאַרנאַכט,
באַוואונדער די שיינקייט,
איך קלער און טראַכט...

עס בלאָזן ווינטלעך,
און בלומען זיך הוידען,
די גרעזעלעך גרינע
אין שטילקייט זיך סוד׳ען.

ביים ליכטיקן הימל
די ביימעלעך פרעגן:
ווען וועסטו אונדז שיקן
זון און רעגן?

די פייגעלעך פליען,
טענצלען און זינגען,
לויבן דעם בורא
מיט צוויטשען און שפּרינגען.

שיין איז די וועלט,
נאָך שענער דאָס לעבן,
אָ, אַזויפיל גוטס
האָט גאָט דאָך געגעבן!

נאָר אַלץ וואָס איך זע דאָ
איז דאָך ניט פאַר מיר,
אַ גאַסט אויף אַ ווייל —
באַלד ווייזט מען די טיר...

# אַ צעבראָכענע כלי

(עלעגיש)

אַוועק איז דער זומער,
און האַרבסט איז געקומען,
די נאַקעטעביימער
וויינען און זשומען.

עס פאַלן די בלעטער
פון צווייגן וואָס צערן,
גרייט פונעם שטורעם
פאַרטריבן צו ווערן.

מיט גרויסע כמאַרעס
פאַרוואָלקנט דער הימל,
אויף טונקעלער ערד
ניטאָ מער קיין בלימל.

קאַלט איז אין דירה,
קאַלט איז אין דרויסן,
אַ רעגן, אַ ווינטל —
אין טרויער זיך שטויסן.

איך קוק אויף די בלעטער,
פאַרוויאַנעטע, געלע,
און פיל מיך ווי זיי —
אַ צעבראָכענע כלי.

# מיין לעצטע בקשה

ווען איך וועל לסוף פון וואַנדערן שווער,
קיין ברעג, קיין ציל ניט דערגרייכן,
דורך שטורמישע וועגן קיין כחות ניט מער,
מיין פּנים וועט אין גסיסה פאַרבלייכן.

איז מיין טיפע בקשה, די לעצטע, איך בעט:
אויף אַ בית־עולם ווייט־ווייט אין אַ ווינקל,
ערגעץ פאַרוואָרפן, וואו קיינער ניט טרעט,
וואו אייביק ס'איז פּוסט און טונקל;

דאָרט וויל איך רוען, אַזוי ווי ביים לעבן,
מיין ווייטיק געפילט ס'האָט ניט קיינער,
בין איך מוחל אַצינד, מיר שבחים צו געבן,
לאָזט צורו מיינע מידע ביינער.

און אויב אַ מצבה? — זיין זאָל אויסגעקריצט,
אויפן שטיין דעם קאַלטן, דעם שטומען:
פּ"נ הפּליט, ניט פון קיינעם באַשיצט,
וואָס האָט ענדלעך מנוחה באַקומען...

## שווייצער אַרבעטסלאַגער

העי, ברידער, אויפגעשטאַנען!
זעקס אַזייגער איז שוין באַלד;
צו דער אַרבעט מוז מען שפּאַנען,
ס׳איז אַ ווייטער וועג צום וואַלד.

אָנגעטאָן אין אַרבעטס־קליידער,
זעג, לאָפּאַטע אין דער האַנט;
אַרבעטן מוז איצט איעדער
אין דעם פרייען שווייצער־לאַנד.

מיר בויען שטראָזן, פאַרשיטן גריבער,
זעגן דעמבעס אין לענג און ברייט;
כאָטש ס׳איז קיינער נישט קיין גיבור,
צו שווערער אַרבעט גאָרנישט גרייט.

אין גומי־שטיוול איבער די קניען
אין נאַסן זומפּ אַ גאַנצן טאָג;
הייסע זון די לייבער בריען,
דער דורשט אין האַרצן ברענט און נאָגט.

ווער אַ זינגער, ווער אַ שניידער,
ווער אַ דאָקטאָר, אַן אַדוואָקאַט;
דאָ טראָגן מיר די זעלבע קליידער,
מיר זיינען אַלע דאָ „נאַש־בראַט״.

העי, ברידער! זאָרגט נישט, ניין,
„אַרבעט מאַכט דאָס לעבן זיס!״
דאָ האַקט מען נישט פון מויל די ציין —
מ׳האָט נישט פון קעלט געשוואָלענע פיס...

# אין שפּיטאָל

איך ליג אין שפּיטאָל אַ קראַנקער, אַ מידער,
אַנטקעגן מיר איינער מיט צעבראָכענע גלידער;
ניט ווייט פון מיין בעט, בלייך ווי די וואַנט,
אַ זיבעציק־יאָריקער מיט אַ צעבראָכענער האַנט.

איינער איז פריילעך, ער גייט שוין אויף קרוקן,
דאָך זע איך זיין צער וואָס ליגט אין די בליקן;
דער וואָס ביים פענצטער — האָט צוליב אַ שיקסל
אליין זיך געשאָסן מיטן אייגענעם ביקסל.

איך זע ווי אַן אַלטשיטשקער האַלט שוין ביי נעילה,
ער בעט אויף דער שעה ס'זאָל קומען די גאולה;
עס הערן זיך קולות, געקרעכצן, געקלאָגן —
לאַנג זיינען די נעכט, מען בעט ס'זאָל שוין טאָגן.

ס'האָט יעדער זיין גורל — אַ גוטן, אַ שלעכטן,
מ'האָפט אויפן מאָרגן, פאַרגעסן אין נעכטן;
מ'ווארט אויף די שעה'ן פון קרובים'ס וויזיטן,
אַ טרייסט כאָטש צו האָבן אין שווערע מינוטן.

***

אין גאָרטן שיינט די זון, עס בליען די בלומען,
איך ווייס אַז צו מיר וועט קיינער נישט קומען...
שעפּ איך פון בליטן כאָטש טראָפּנס פריידן —
לייכטער ס'זאָל ווערן מיינע נע־ונד ליידן.

קאַנטאָן־שפּיטאָל, ציריך, שווייץ.

# קינדער זעקס דערצויגן

ס'זיצט אין שטוב די אַלטע מאַמע,
עלנד און פאַרלאָזן;
פון אירע קינדער איבער לענדער, ימ'ען,
קלערט זי מיט פאַרדראָסן...

ווי זיי זיינען צעזייט, צעשפּרייט,
איבער אַלע עקן וועלט;
און זי, אַ שוואַכע, קוים זי גייט,
מוז נעמען דאָ קצבה־געלט.

איינער קעמפּט אין פּוילנס וועלדער,
אינאיינעם מיט פּאַרטיזאַנען;
אַ צווייטער — אין די דזשאָנגל־פּעלדער,
שלאָגט זיך מיט יאַפּאַנער.

און אַ דריטער צום טויט געיאָגט
פון דייטשן צלם־האַקן;
אַ פערטער געפּייניקט און געפּלאָגט
אין פראַנצויזישע באַראַקן.

אַ פינפטער איז פון די סאָוויעטן
קיין סיביר פאַרשיקט;
הינטער גראַטעס און שטאַכעטן —
אַ טאָכטער מיט גאַז דערשטיקט.

***

ס'זיצט אין שטוב די אַלטע מוטער,
מיט טרערן אין די אויגן,
און דאָס האַרץ פאַרקלעמט, פאַרביטערט:
קינדער זעקס... דערצויגן!

ציריך, שווייץ, 1942.

# אין אַ חסידים־שטיבל

פרייטיק־צו־נאַכט און שבת נאָכן טיש,
זיצן זיך אידן פאַרזאַמלט אין קלויז,
מען לערנט אַ פּרשה, אַ בלאַט גמרא,
מען זינגט אַ זמר — דער תענוג איז גרויס.

און אָפּטמאָל, ס׳טרעפט זיך (אַ מנהג ביי אידן),
ווען נאָך אַ נפטר — אַ צדיק אַ גרויסן,
ס׳פאַלט אויס דער יאָרצייט — פּראַוועט מען אַ סעודה,
און עסן איז דאָ — די והותר!

ס׳פעלט ניט קיין משקה און טאָרט צו פאַרבייסן,
„אידן, גייט וואַשט אייך״! ווי שיין ס׳איז צו הערן,
מען ווינטשט זיך: „לחיים״, דער נשמה — אַ תיקון,
פון גלות זאָלן אידן אויסגעלייזט ווערן.

און מעשה׳ס און מופתים הערט מען דערציילן
פון הייליקן צדיק ר׳ מענדל פון קאָצק,
ווי אויף אים האָט תמיד די שכינה גערוט,
און וועגן דעם נס פון אָטוואָצק.

און נאָך דער סעודה ווערט ערשט אַ שמחה,
מען נעמט זיך פאַרקויפן דעם „בענטשן מזומן״;
און איינער דעם צווייטן דעם כבוד כאַפּט אויס,
צו לויבן גאָטס הייליקן נאָמען...

אין דער אגוואנד־קלויז, ציריך, שווייץ.

# נאַכט ביי דער ציריך־אָזערע

(בילד)

שטיל,
הייליקע שטילקייט,
זילבער־ווייס, און בלוי־רויטע שטראַלן,
שימערירן פון ברייטן טייך אַרויס,
און מישן זיך מיט טונקלקייט פון שטילער נאַכט.
פון דערווייטנס ווייסע שוואַנען שווימען זיך,
אויסגעשטרעקט די העלדזער דינע, לאַנגע,
קוקנדיק און פרעגנדיק עפּעס גלאַט אַזוי
אין שטילער נאַכט.

פון דער הויך די גרינע בערג
באַדעקט מיט ליכט, שיינען תמימות׳דיק
פון הייזער קליינע, שיינע וואָס וואַרפן שטראַלן,
ווי די שטערן אין אַ לבנה־נאַכט.

ס׳בלאָזט אַ ווינטל, די צווייגן פון די ביימער
הוידען זיך, און פון טייך וואַרפן כוואַליעס קליינע
זיך אַריבער ביז צום ברעג, וואו ס׳זיצן
פּאָרלעך יונגע אויף האַרטע בענק פון שטיין,
זיי סוד׳ען זיך פון ליבע, גליק,
און ליבשאַפט מישט זיך אוים מיט טונקלקייט
פון שטילער נאַכט.

# ווינטער

מיט שניי באַדעקט זיינען שטראַזן,
און פּראַסטיק קאַלט איז אין גאַס;
דער ווינט טוט בייסן און בלאָזן,
ווי ער וואָלט געווען אין כעס.

אויף ביימער זיצן זיך טויבן,
די פייגל באַהאַלטן אין נעסט;
באַדעקט מיט אייז זיינען שויבן,
אַ זילבערנער וועג וואו דו גייסט.

מיידלעך מיט אינגלעך געאַרעמט,
די פּלייצעס מיט רוק־זעק באַדעקט;
זיי אַרט נישט דער ווינטיקער שטורעם,
באַלד פאָרן זיי מיט סקי אויף די בערג.

עס שפּילן זיך קינדער אין שניי,
מיט שליטנס באַרג־אַראָפּ און אַרויף;
ווי אַפּטמאָל ס׳גלוסט זיך ווי זיי
צו הוליען און שטיפן אָן סוף.

ס׳גלוסט זיך נאָך לעבן און זינגען,
ס׳ווילט זיך פאַרגעסן די פּיין;
און פּונקט ווי די אַנדערע טרינקען,
און שלינגען פון לעבן דעם וויין.

# דאָרף

עס כוואַליען די זאַנגען אויף פעלדער,
כאַטקעלעך שטייען אין מיטן;
דער דופּטיקער וואַלד פון דער ווייטן
פאַרשפּרייט ריחות פון בליטן.

די פּויערים שניידן די תבואה,
און בינדן די זאַנגען אין גאַרבן;
עס שטראַלט די גליענדיקע זון,
און שיינט מיט גאָלדענע פאַרבן.

געראָטן איז די פּויערישע פּראַצע,
געבענטשט מיט ערדישער ברכה;
באַלאָדן פאָרן וועגענער צום שייער,
דער פּויער האָט פרייד און הצלחה.

# אינעם לאַנד פון אונדזער האָפן

(מיין טאָכטער שולמית אַ מתּנה)

האָסט פאַרלאָזן טאַטע-מאַמע,
האָסט פאַרלאָזן גלות שווערן;
ביסט אַוועק איבער ים׳ען —
פון געלער לאַטע, נויט און טרערן.

ס׳קען דיך מאַמע נישט מער טוליען,
און דער טאַטע — מער נישט שטראָפן;
איצטער מעגסטו פריי דיר הוליען
אינעם לאַנד פון אונדזער האָפן.

איצטער זינגסטו הידד-לידער,
און דו טאַנצסט אַ שיינע האָראַ
מיט די שוועסטער, מיט די ברידער,
חלוצים שטאַרקע, קיין עין-הרע.

שיין איז איצט דיין נייער נאָמען,
רופן רופט מען דיך שולמית;
אַך, ווי גוט ס׳וואָלט מיר באַקומען
צו זיין אין דיינע דלד-אמות.

אויסגעטאָן האָסט קינדער-שיכלעך,
און דו לעבסט אַ נייעם לעבן;
נייע לידער, נייע ביכלעך —
אַ נײַוועלט טוסטו וועבן.

איצטער אַרבעטסטו אויף פעלדער,
שיין און רייך מיט פּאָמעראַנצן;
אין די גאָרטנס, יונגע וועלדער,
טוסטו פּירות, בלומען פלאַנצן.

טאָ זיי־זשע, קינד מיינס, דאָרט אַ בויער,
בוי דיר אויף אַ וועלט אַ שיינע;
שטאַרק זיין זאָלסטו אין דיין דויער —
שטאַרק זיין קעגן בייזן שונא.

# נקמה

איך וויל נאָך, אוי, גאָט,
דעם טאָג שוין דערלעבן,
און זען ווי דעם שונא
זיין שטראָף ווערט געגעבן.

דאָס וויינען און קלאָגן
פון מאַמעס און קינדער,
וואָס ווערן פאַרפייניקט
פונעם רוצחישן שינדער.

ווער קען עס פאַרגעסן
זייער ביטער געוויין;
מיך דורשט נאָך נקמה —
איך קריץ מיט די ציין.

מיט ווייטיק און פרייד
וויל איך זען די מפּלה,
ווייל אויף אייביק באַגראָבן
ווערט זיין נאַצישע קללה.

## צוויי אידישע פרויען

(פרוי ד״ר מייער און פרל. באַריצער
אין כבוד געווידמעט)

טאָג־אויס און טאָג־איין
זיי זיצן און הערן
פון צרות און ליידן,
מענטשנס יאָמער, מענטשנס פּיין:
און נאָר זיי קלערן,
ווי אַזוי צו ברענגען פריידן.

ערנסט איז זייער פּנים,
און אַ האַרץ וואָס פילט —
זיי ווילן די וואונדן היילן;
אַט אַזוי שוין מכּמה שנים.
זייערע אויגן שטענדיק מילד,
צו טרייסטן מידע זעלן.

***

איינער קומט כמעט פאַרשטאַרצט —
מ׳האָט אים אויסגעוויזן —
און פרעגט ביי זיי אַן עצה;
ביי אַ צווייטן שוין קראַנק דאָס האַרץ
פון תמיד וואַנדערן מוזן —
וואוהין ער קומט — מ׳ציט נאָר אויף דער פּלייצע.

און אַ דריטן איז שוין אַלצאיינס
וואָס ס׳וועט מיט אים געשען;
„דאַכאַו״ איז ער שוין איבערגעקומען —
אַ פערטער איז געבליבן מיט אַ קינד אַ קליינס,
נישט געקענט די צרות אויסשטיין —
ס׳האָט דער בית־עולם די מוטער גענומען.

אַ פינפטער וויל גיין „שוואַרץ" קיין פאַריז —
זיין פרוי און טאָכטער אין בעלגיע זיינען;
אַ זון אין לאָנדאָן געפינט זיך.
ר'איז עלנט, אַליין... ס'איז אים ביטער און מיאוס
אַזוי ווייטער לעבן צו קענען —
אויך ער טאָר נישט בלייבן אין ציריך.

און ווידער איינער קיין שאַנכאַי וויל גיין,
אפשר דאָרט מנוחה געפינען,
און אַ סוף צום שטענדיקן יאָגן.

***

טאָג־טעגלעך פאַרחושכטע פנימער זען,
און זאָרגן, און האָבן אין זינען
צו העלפן די צרות פאַרטראָגן.

זיי העלפן איעדן
ווי ווייט נאָר זיי קענען,
און לאָזן נישט בטחון פאַרלירן;
מיט האָפענונג פול איז זייער ריידן,
אַ טרייסט זייער פען —
דעם וואַנדערער צום גליק זיי פירן.

גליקלעך איז אַ פאָלק
מיט אַזעלכע פרויען.
אינמיטן דעם גרויסן האַרמידער
פאַר געיאָגטע זיי זוכן אַ טאָלק:
זיי זאָלן שאַפן און בויען
און ווי געווען — מענטשן זיין ווידער.

(ציריך, מאַי, 1940)

# דאָס שטעטעלע צירידך

(פּאַראָדיע)

צירידך איז אַ שטעטל אַ מחיה,
מענטשן לעבן זיך דאָ אמת פרייע;
אוי, איז דאָס אַ שטעטל, ממש אַן אַנטיק,
דאָ צו לעבן — פּשוט גאָר אַ גליק.

קוקט נאָר אָן די הייזעלעך די שיינע,
און אויך די גאַסעלעך די ריינע;
גערטענדלעך מיט בלומען, פאַרביק אָן אַ שיער,
איז דאָס־שטעטל אַזאַ יאָר אויף מיר

און ווי שיין איז דער „ציריך־זעע",
שטאָלץ שווימען זיך די שוואַנען ווייס ווי שניי;
הויכע בערגעלעך אַרום און אַרום
קוקן אַראָפּ אַזוי רואיק, שטום.

קינדערלעך שפּילן זיך האַרציק שיין,
און די מאַמעס קוויקן זיך צו זען
ווי מ'וואַרפט אין טייכל שטיקלעך ברויט —
די קאַטשקעלעך ניט לײַדן זאָלן נויט.

טייבעלעך פליען אַהין און אַהער,
אַ קליין מיידעלע פאַרגיסט אַ טרער;
זי וויל צו די גענדזעלעך אין טייכל אַרײַן,
נאָר די מאַמע לאָזט אַהין ניט גיין.

נאָך שענער איז דער „ציריך־זעע" ביינאַכט,
פאַרבן־ליכט שפּיגלען זיך — אַ פּראַכט;
שיפעלעך לויכטן אַזוי וואונדער־שיין,
מען קריגט חשק אויף זיי אַרויפצוגיין.

פאַרלעך זיצן זיך אין יעדן ווינקל,
זיי זיינען צופרידן וואָס ס'איז טונקל;
מען סוד'עט זיך פון ליבע און גליק
און מען פאַרגעסט אַהיימגיין צוריק.

אָ, ווי שיין ביסטו, שטעטל ציריך!
אַ שאָד וואָס כ'מוז פאַרלאָזן דיך;
איך וועל נאָך דיר שטאַרק בענקען,
אין מיין דמיון תמיד דיך געדענקען!



אין וואָגל און וואַנדער; צייכענונג פון אַנוטע מאָסקאָוויטץ (פידערער)

# קאַדיץ

(שפּאַניע)

אַ האַפן־שטאָט, ענגע שמאָלע גאַסן,
הייזער אַלטע אין דער לענג זיך ציען,
אין יעדן ווינקל זעט מען בעטלער בלאַסע,
הונגעריקע, אויף הייסער ערד זיי קניען.

פּיצלעך קינדער שטרעקן שוין די הענטלעך,
בעטן אַ נדבה, כאָטש אַ שטיקל ברויט,
בלייכע מאַמעס אָנגעשפּאַרט ביי ווענטלעך,
גיבן ברוסטן ליידיקע — צו עופה׳לעך האַלב־טויט.

אָפּגעריסן, מיט לאַטעס ווייסע, גרינע,
גייען זיי אַרום, אין הייסער זונען־ברען,
כמעט אין שוואַרצן אָנגעטאָן איז די מדינה,
פון „ברודער־קריג״ — אַ זכר צו דערקענען...

# אָקסן־קאַמף

פּול געפּאַקט מיט מענטשן־מאַסן,
מאַמעס מיט קינדער אויף די הענט,
זיצט שפּאַניש פאָלק, קוקט און וואַרט,
ווי הייסע וואונדן פון בהמה ברענט.

עס לויפט אַריין אַ ווילדער אָקס,
שפּרינגט אַרום אָן מורא, שרעק,
אָבער באַלד פילט ער די שאַרפע שפּיז
אין זיין ווילדן גוף אָן רחמנות שטעקט.

אונטערן רויטן טוך פון בלאַנקענדיקער שווערד
רייצט טאָרעראָ פלינק, שטעכט די חיה ווילד,
דאָך פאַר שפּאַניער איז דאָס אַ תענוג,
אַ לוסט צו זען אָט דאָס בלוטיקע בילד.

עס קעמפט דער ווילדער אָקס אַ פאַרבלוטיקטער,
עס שפּילט מוזיק צום טאַקט, ס׳ציטערן די ווענט, ;
אין אָרעמען אָקס שטעקן שוין שפּיזן זעקס,
דאָך ווערט די שמחה גרעסער, מ׳פּלעסקעט מיט די הענט.

און ווען צעשטאָכענער אָקס כמעט שוין טויט,
מיט לעצטע כוחות קעמפט אין צער, אין כעס,
צילט די שאַרפע שפּיז אים פלינק אַריין אין האַלדז —
און טאָרעראָ זיגט — אַ סוף צום בלוטיקן שפּאַס!

סעווילא, שפּאַניע, אויגוסט, 1941.

# ס׳פאָרט אַ שיף . . .

ס׳פאָרט אַ שיף אין ווייטע מקומות,
מיט מענער, פרויען און קינדער,
זיי קלערן און האָפן, וועבן חלומות,
זוכן אַ „היים״ זיך אַצינדער.

גרויס דער בטחון פון וואַנדערער מידע,
פאַר פרייד זיי וויינען מיט טרערן,
ניט איינער פון זיי האָט געהאַלטן ביי ווידוי...
אַ שרעק איז פון דעם נאָר צו קלערן.

מ׳דאַנקט דעם באַשעפער, די גליקלעכע שעה,
דאָס גיהנום שוין פּטור געוואָרן,
קומען מ׳וועט צו ענדלעכער רו,
אַ סוף צום ביטערן צאָרן.

אויפן שטורמישן ים די שיף טוט פאָרן,
קוים דערגרייכט שוין דעם ברעג,
נאָר פּלוצים, עס הייסט ניט לאַנדן זיי טאָרן,
ס׳הויבט אָן זיך אַ פּחד, אַ שרעק.

עס קלאָגן די מאַמעס פון קינדערלעך קליינע,
זיי קענען דעם ים ניט אַריבער,
צוריק צו דער תּפיסה זיי ווילן ניט גיין,
אין וואַסער דערטרינקען זיך ליבער.

די שיף זוכט מזל אין אַן אַנדערן לאַנד,
נאָך איינמאָל דעם גורל פּרובירן ;
אָבער אויך דאָרטן — אַן אייזערנע וואַנט,
פאַרשלאָסן איז פאַר פּליטים די טירן.

עס פאָרט די שיף מיט מענטשן האַלב־טויטע,
פאַרמוטשעט, פאַרהונגערט און שוואַך,
זייער איינציקער ווילן : אַ סוף צו די נויטן,
און איבערן קאָפּ נאָר אַ דאַך . . .

## צום הימל די אויגן

איך שוועסטער און ברידער
פון נאָענט און ווייט,
זייט נישט פאַרצווייפלט
פון דער גרויליקער צייט.

נישט אייביק וועט דויערן
דאָס אומגליק, די נויט ;
גענוג שוין צו טרויערן —
קלערט נישט פון טויט.

גייט נישט געבויגן,
און קוקט נישט אַרונטער ;
צום הימל די אויגן,
און מוטיק און מונטער.

שטאַרקט אייער ווילן,
פאַרלירט נישט בטחון ;
מיר וועלן באַלד פילן
דעם זיג און נצחון.

# אין שפּיגל

איך זע זיך אָפּט אין שפּיגל,
ס'איז אומעטיק מיין צורה,
ווי אונטער שלאָס און ריגל
געווען וואָלט איצט מיין דירה.

אויפן קאָפּ די גרויע האָר
הויבן אָן זיך ווייזן ;
כ'פיל אַז מיט יעדער שעה
זשאַווער איך ווי אייזן.

פערציק פרילינגס נאָך נישט אַריבער,
און שוין די כוחות — שוואַך און מיד,
הייסער ווינטן-פיבער
באַגלייט מיינע טריט.

איך קוק זיך אָן אין שפּיגל,
און זע ווי קנייטשן קומען ;
אויפן פּנים לייגט זיין זיגל
דער צער פון ווייטיק שטומען.

קאַדיז, שפּאַניע, 1941

# איך קען אַליין זיך קוים פאַרשטיין

װען פאַרענדיקט כ׳האָב מײן ליד,
און איך לײען עס אָפּטמאָל איבער,
װערט מײן פּנים בלײך און מיד,
און מײן דמיון טריב און טריבער.

דעמאָלט פיל איך אַלץ מערער,
װי עס װײטיקט מײן נשמה ;
עס װערט דער צער שװער און שװערער,
װײל איך געפין ניט קײן נחמה.

איך זע אין ליד מײן מרה־שחורה,
פון עלנט, נױט און נע־ונד,
און װער באַהערשט איך פון אַ מורא —
רײם אין שטיקער איך דאָס בלאַט.

פול מיט פחד — מײנע לידער,
אָנגעזאַפּט מיט פּײן, געװײן ;
אומעטיק װי אַסקעטן־ברידער,
איך קען אַלײן זיך קױם פאַרשטײן.

# געטאָ־וויגליד

שלאָף מיין קינד, אין שלאָף אין זיסן
אַי־לו־לו־לו־לו,
אונדזער לעבן איז צעריסן
לולינקע לו־לו.

וויסט און פינצטער איז אין געטאָ
אַי־לו־לו־לו־לו,
ס'פּייניקט אונדז דאָס פאָלק פון געטען
לולינקע לו־לו.

ס'בריט די שאַנד פון געלע לאַטעס
אַי־לו־לו־לו־לו,
הינטער פּייער־דראָט און גראַטעס
לולינקע לו־לו.

ס'האָבן דייטשע מערדער קאַטן
אַי־לו־לו־לו־לו,
אין קאַלך־אויוון פאַרברענט דיין טאַטן
לולינקע לו־לו.

נישט קיין זכר, נישט קיין סימן
אַי־לו־לו־לו־לו,
ער וועט מער צו אונדז נישט קומען
לולינקע לו־לו.

און אויב דיר באַשערט איז לעבן
אַי־לו־לו־לו־לו,
זאָלסט נישט פאַרגעסן, נישט פאַרגעבן
לולינקע לו־לו.

און אַז דו וועסט קינדער האָבן
אַי־לו־לו־לו־לו,
דערציייל פון אידן לעבעדיק באַגראָבן
לולינקע לו־לו.

און ווי דייטשן — מערדער, שינדער
אַי־לו־לו־לו־לו,
מאָרדן, ברענען פּיצלעך קינדער
לולינקע לו־לו.

שלאָף מיין קינד, טאַ שלאָף מיין אוצר
אַי־לו־לו־לו־לו,
צער און פּיין האָסט די והותר
אַי־לו־לו־לו־לו,

נישט דאָס ליד פון ווייסן ציגל
אַי־לו־לו־לו־לו,
קען איך זינגען ביי דיין וויגל
לולינקע לו־לו.

נישט פון ראָזשינקעס מיט מאַנדלען
אַי־לו־לו־לו־לו,
מענטש אין חיה איז פאַרוואַנדלט
לולינקע לו־לו.

שלאָף מיין קינד, אין שלאָף אין זיסן
אַי־לו־לו־לו־לו,
אונדזער לעבן איז צעריסן
לולינקע לו־לו...

# צעדריקט און צעטרעטן

אויפֿן פּוסטן פֿעלד, אויף פֿרעמד־נאַסער ערד,
קיין היים, קיין הויז, קיין דאַך ניט פֿאַראַנען,
געיאָגטע, געטריבן, דאָס לעבן צעשטערט,
צווישן גרעניץ און גרעניץ מוזן מיר שפּאַנען.

אויף שטרוי און אויף שמאַטעס מ׳לייגט זיך אַנידער,
איינער צום צווייטן געפּרעסט,
אָפּרוען די פֿאַרמאַטערטע גלידער,
וואָס האָבן לאַנג שוין ניט קיין אייגן נעסט.

מיר ווערן געפּייניקט פֿון הונגער און נויט,
קענען ניט האָפֿן ווען ס׳וועט נעמען אַ סוף,
קליינע עופֿה׳לעך בעטן אַ שטיקעלע ברויט,
און מאַמעס פֿרעגן: פֿאַרוואָס אַזאַ שטראָף?

מיר פֿרעגן און פֿרעגן דעם אייביקן בורא —
מיט בלוט־הייסע טרערן רחמנות מיר בעטן,
נאָר שטום איז דער שעפֿער צום וואַנדערערס גורל,
וואָס ווערט פֿונעם שונא צעדריקט און צעטרעטן.

# כלומרשט צו אַרבעט . . .

פון בוידעמער, קעלערס, וואו געווען מ׳איז באַהאַלטן,
אין גאַסן געכאַפּטע פון חיה׳שע דייטשן,
שפּאַנען די מידע — סיי יונגע, סיי אַלטע,
פון „געשטאַפּאָ״ געיאָגטע מיט פּיסטאָלן און בייטשן.

כלומרשט צו אַרבעט — ווי שקלאַפן געטריבן,
מ׳הערט די יללות פון פרויען באַזונדער,
זיי פרעגן דעם בורא: „פאַרוואָס אויסגעקליבן
האָסטו אונדז פאַר לעמער צום רוצחישן שינדער?״

דאָס וויינען און קלאָגן ווערט העכער און גרעסער,
די דייטשע מערדער ווי לייבן זיי ברומען:
„דאָס אידישע בלוט וועט שפּריצן פון מעסער*)
אויב אייערע קולות וועלן גיך נישט פאַרשטומען״.

עס גייען די שוואַכע קרבנות געבראָכן,
און ווער איז צו דעם וואָס קען נישט מיטגיין,
עס קנאַלן די בייטשן, די קערפּערס צעשטאָכן,
ביז ס׳קלאַפּט מער דאָס האַרץ נישט, נישט מער קיין געוויין.

אָ, כלומרשט צו אַרבעט — דערגרייכט שוין אין וואַלד,
פאַר יעדן איז גרייט שאַרפע לאָפּאַטעס —
אַ קבר פאַר אַלע — מיט קללות, געוואַלדן,
פאַלן די קדושים מיט די געלע לאַטעס...

---

*) אַ שורה פון באַקאַנטן „האָרסט־וועסל״ ליד.

# מיר זיינען אייביק

און כאָטש ס׳איז שווער
דאָס רודפ׳ן שלאָגן;
פון היימישער ערד
מ׳טוט אונדז פאַריאָגן;

און כסדר מיר ווערן
פאַרפּייניקט אין תפיסה׳ס,
אַז קיינער קען ניט הערן
די קרעכצן פון גסיסה׳ס —

ס׳וועט דעם שונא זיין חשבון
קיינמאָל ניט געלינגען!
ס׳האָט אויך פּרעה געוואָלט
אַמאָל אונדז באַצווינגען.

און המן און טיטוס,
טאָרקוועמאַדע, כמיעלניצקי —
זייערע גרויזאַמע שחיטות
אויף אייביק פאַרקריצט איז.

אויך פלאַמען און גיפטן
פון דייטשע „היענען"
וועלן „נצח ישראל"
ניט אויסראָטען קענען...

און ווי ביטער די פּיינען,
די געטאָס, דאָס טרייבן,
דאָך — מיר זיינען געווען,
וועלן זיין, און פאַרבלייבן...

# איך בין אַ קוכער אויף דער „נאוועמאר" *)

איך בין אַ קוכער אויף דער „נאָוועמאר",
פאַר פרומע אידן קאָך איך כשר;
בשום אופן ווילן זיי נישט עסן
וואָס ס'איז אָסור.

אַזוי קאָך איך יעדן טאָג
קאַרטאָפל־זופּ און אייער;
רויע ציבל ברענג איך אויך
דעם דיכטער זלמן שניאור.

דייטשע אידן שפּעטן, לאַכן
פון גאָט־באַגנעדיקטן פּאָעט;
ווען זלמן שניאור וויל זיך אָפּרוען,
מאַכן זיי אַ „מנין" פּונקט ביי זיין בעט.

דאָך ס'האָט דער דיכטער „עלנבויגנס" —
ער פירט מיט „יעקעס" אַ ווערטער־שלאַכט,
און דער עולם האָט גרויס הנאה
פון אָט־דער מלחמה טאָג און נאַכט.

---

*) אַ שפּאַנישע פּליטים־שיף.

# אויף דער „נאוועמאר״ *)

ס׳שווימט די שיף, די „נאוועמאר״,
פול מיט עמיגראַנטן;
אויף פּנימער ווייטיק און צער,
מ׳האָפט אויף דער שעה פון לאַנדן.

צוועלף הונדערט צונויפגעפּרעסט,
פּלאַץ — קוים פאַר פיר הונדערט;
אין נייע לענדער מ׳זוכט אַ נעסט,
און פריי פון דייטשע שינדער.

אַלט און יונג, קינדער קליינע,
אַ געשריי, אַ גערודער;
נאָר מען קרעכצט, נאָר מען וויינט,
אויסגעמוטשעט יעדנס גלידער.

פול מיט שמוץ יעדער ווינקל,
די באַצילן — גיפטיק, סם;
זיבן טויטע אַראָפּגעזונקען
אין ברייטן, טיפן ים.

ס׳פאָרט די שיף, די „נאוועמאר״
מיט געיאָגטע אידן;
די דערוואַרטונג — אין לשער —
אַמעריקע, פרייקייט, פרידן!

*) די גוט־באַקאַנטע שפּאַנישע גיהנום־שיף „נאוועמאר״.

# א י ד י ש

אידיש, טייער מאַמע־לשון מיינס,
מיט מילך פון מוטערס ברוסט כ׳האָב דיך געזויגן ;
ביסט מיר איינגעוועבט אין הארץ און ביין,
דיינע שיינע קלאַנגען, ווי אַ רעגנבויגן.

אויף אידיש האָט דער רבי מיך געשלאָגן,
ווען אין חדר לערנען כ׳האָב נישט געוואָלט ;
האָב איך אין [redacted] פורים צו קרובים „שלח־מנות״ געטראָגן,
האָבן זיי אין אידיש מיר מיט שיינעם דאַנק באַצאָלט.

ס׳האָט אידישער ניגון אין דער ישיבה
מיך צוגעבונדן צו מיין דורות־שטאַם ;
פאַרטייטשט אויף אידיש דעם צער פון רבי־עקיבא,
ווען זיין הויט געריסן מ׳האָט מיטן אייזערנעם קאַם.

און ווען כ׳בין אַוועק פון טאַטע־מאַמעס הויז,
באַטראָטן אַ נייעם וועג, געזונגען נייע לידער ;
האָט צום קאַמף מיך געפירט מיט מוטיקן געברויז
דאָס אידישע ליד פון מיינע אונטערדריקטע ברידער.

אין אידיש האָט מיין מאַמע מיך געבענטשט מיט „זיי געזונט״,
ווען כ׳האָב דעם וואַנדער־שטעקן אין דער האַנט גענומען ;
מיט אַ קללה אויף די ליפּן (פון דער הייסער וואונד)
אויף אידיש איז מיין משפחה אומגעקומען.



באַפרייאונג דורך געזאַנג; צייכענונג פון קאָפּל פידערער, פּאַריז

# פרי אין באַגינען

פּרי אין באַגינען, אין גרויען פאַרטאָג,
טרייבט פון דערהיים מיך מיין גורל אַרויס;
עס רוט נאָך אַ מידער שלאָף אויף מיין פּנים,
און איך מוז זיך איילן און איילן פון הויז.

אָט בין איך אין סאָבוויי, ווי ענג און ווי דושנע,
עס שטיקט מיך די לופט ווי סם אויפן גומען;
איך צייל די מינוטן און וואַרט אויף דער רגע —
ווידער אין לופטיקע גאַסן צו קומען.

עס פאַלט נאָך מיין בליק אויף אַ מיידל, אַ יונגע,
וואָס זיצט מיר בשכנות פאַרשלאָפן, אין דרימל;
אַפּנים, אויך איר האָט דער גורל באַפוילן,
פרי זיך צו שלעפּן אין שפּאַן פונעם טומל.

כ'גיי אַרויס פונעם סאָבוועי, מיין גאַנג איז פאַמעלעך,
עס וואָרנט דאָס האַרץ מיט אַ מאָדנעם געקלאַפּ;
און באַלד ווערט מיין דמיון באַהערשט פון מאַשינען,
וואָס זשומען און קרייזן אין שטויביקן שאַפּ...

# ווען פאַרביי איז דער טאָג

ווען פאַרביי איז דער טאָג פון יאָגן און פראַצען,
און נענטער עס ווערן פאַרנאַכטיקע שעה׳ן,
פאַרלאָז איך די שטאָט פון וואָלקן־קראַצערס,
צוריק צו מיין היים פון שטילקייט און רו.

וואו ס׳הערשט נישט קיין טומל, קיין לויפן, בהלה,
מען לעבט זיך צופרידן און גליקלעך;
קיין סימן נישטאָ פון גרויס־שטאָטישער קללה,
וואָס צעברעכט אָפט דעם מענטשן אויף שטיקלעך.

אין גאַס וואו איך וואוין שטייעןביימער אין ריי,
אין רחבות צעשפרייטן זיך צווייגן;
מען פילט זיך דאָ ווי געבוירן אויפסניי,
באַפרייט פון גרויס־שטאָטישע שטייגן.

און באַטרעט איך די שוועל פון מיין פשוטער דירה,
באַגריסן מיך בלעטער וואָס באַצירן די פענצטער;
אָפט הער איך זיי ברומען אַ ניגון, אַ שירה,
ווען ס׳בלאָזן נאָר ווינטלעך אפילו די קלענסטע.

דעמאָלט פאַרגעס איך אין מסחר און זאָרגן,
וואָס רויבט מיך די רו און דריקט דאָס געמיט;
די מחשבות פון קויפן, פאַרקויפן און באָרגן —
ווענדט איך אין גאַנצן מיין אידישן ליד.

# אין דיין לעצטער שעה

(צו די שלושים פון מיין
פרוי, ע״ה — אַ קראַנץ)

אין דיין לעצטער שעה, אין ראַנגל פון גסיסה,
האָט דיין בליק מיך באַלויכטן אַזוי וואונדערלעך העל;
ווי געזאָגט ער וואָלט מיר: קוק, פון לעבן שיינעם, זיסן
ביז צום שוואַרצן קבר — בלויז אַ שוועל.

איך האָב באַטראַכט דיין פּנים, דאָס צאַרטע, בלייכע, מידע,
און פון די אויגן קלאָרע — אַ פּערל־זילבער טרער;
די היים־פאַרשמאַכטע ליפּן, געמורמלט ווי אַ ווידוי:
אָ, חבר מיינער טרייער — ניין, איך קען ניט מער!

ס׳האָט שוואַרצער מלאך געקלאַפּט שוין אין דער טיר,
איך האָב געזען אים קלאָר אין מיין באַהעלטן דמיון,
ווי אָן רחמנות, אָ, ער לויערט, גאַרט נאָך דיר,
און גרויליק־האַרט צעשטערט ער אונדזער בנין.

עס קען די ערד פאַרדעקן נאָר דעם גוף אַליין —
קיינמאָל ניט צעשיידן וואָס טיף אין האַרצן ליגט;
עס טריקנט טרערן־קוואַל פון ווייטיק און געוויין,
ניט פאַרהיילט קען ווערן וואָס נשמה דריקט...

# זאָל מיין ליד דיר זיין אַ היילונג

(מיין טעכטערל, אניטאַ׳ן, אַ טרייסט)

האַרטער ווי אַ פעלדז איז דאָס שטורעמדיקע לעבן,
ס׳זיינען דערנער צווישן בליטן אויך פאַראַן;
ס׳האָט בייזער גורל דיר אַ שטאַרקן קלאַפּ געגעבן —
טראָג אים לייכט אין דיין לעבנס־שפּאַן.

דעם שווערן וועג וואָס דו גייסט איצט באַטרעטן,
מיט בונטע רויזן וועט נאָך זיין באַצירט;
כאָטש דו האָסט נישט מער קיין מאַמע, קיין באַגלייטער,
וואָס האָט דיך רק אין ליכטיקייט געפירט.

איך פיל די הייסע וואונד, וואָס טיף אין האַרצן ליגט,
איך זע דיין שטומען צער, די קינדערשע נשמה,
וואָס קען נאָך נישט פאַרשטיין — און דאָך אזוי געדריקט —
טאָ, זאָל מיין ליד דיר זיין אַ היילונג, אַ נחמה.

אויך די גרויליק־שווערע צייטן,
ווי בייזע ווינטן זיי קומען אָן — זיי גייען;
דיין טרויער וועט זיך נאָך אין פרייד פאַרבייטן,
און לויכטן אויף דיין טראָט העלער זונענשיין.

# זיי האָבן ביידע געבענטשט אונדזערע טעג

מיין טאַטע איז געווען אַ פרומער איד,
דאָך נישט געהאַט קיין מזל־ברכה;
פון האַנדל־וואַנדל, קיינמאָל נישט גענוג,
מפרנס צו זיין די משפחה.

די מאַמע גע׳מסחר׳ט האָט אין זיין קראָם,
כאָטש אַ שוואַכע פון צער און ווייטיק;
פאַרקויפט די ערלים טאַנדעטנע געוואַנט
אין קרעמל פון „שלמה טאַנדעטניק״.

דער טאַטע איז כל ימיו געווען אין דער פרעמד,
געדרייזט איבער קירה׳ם מדינה;
אַלטע מלבושים געקויפט און פאַרקויפט,
געשעפט פון דעם זיין חיונה.

אויף אַ יום־טוב נאָר געקומען אַהיים,
כאָטש אויף אַ ווײַלע אַביסעלע חיות;
שיינע מתנות פאַר קליינוואַרג געבראַכט,
דערפרייט דאָס גאַנצע בני־בית.

טאַטע און מאַמע האָבן געהאָרעוועט שווער
צו דערהאַלטן די ביטערע דאָליע;
שכר־לימוד געצאָלט פאַר קינדערלעך זעקס,
נישט געשיקט זיי אין גויאישע שקאָלעס.

און תמיד געבעטן ביים בורא־עולם,
צו דערלעבן נחת און פרייד;
אַ גוטער מלאך זאָל זיי היטן און שיצן,
זיי זאָלן וואַקסן „צו גאָט און צו לייט".

גרעסער און עלטער זיינען די קינדער געוואָרן,
געגאַנגען איז זיך יעדער זיין וועג;
דעם דרך דעם פרומען קוים באַטראָטן,
דאָך געבענטשט האָבן ביידע אונדזערע טעג.

# חנוכה־ליכט

ליכטעלעך קליינע,
וואונדערלעך שיין;
אַ זכר פון ניסים,
וואָס אַמאָל איז געווען.

געוואָלט האָט דער שונא
פאַרטיליקן ישראל;
שענדן זיין גאָט
פאַר עדה און קהל.

מיט מוט פאַרטיידיקט
האָבן אידן זייער לאַנד;
געקעמפט ביזן בלוט
קעגן קנעכטשאַפט און שאַנד.

אין הייליקן צאָרן
דעם פיינט פאַרטריבן;
צעריסן די קייטן
און העלדן געבליבן.

טויזנטער יאָרן
זיינען פאַרביי —
אין אונדזער זכרון
לעבט אויפסניי.

איר ליכטעלעך קליינע,
וואונדערלעך שיין;
אַ זכר פון גבורה
וואָס אַמאָל איז געווען.

# על־חטא

איך האָב פאַרלאָזן טאַטע־מאַמעס הויז,
און אין דער ברייטער וועלט אַוועק;
זיך אָפּגעשיידט פון בית־מדרש און דער קלויז,
אַוועקגעלאָזט זיך אויף אַ נייעם וועג...

געגלויבט: דער נייער וועג וועט ברענגען אמת, יושר,
און איך וועל העלפן דעם שקר צו באַזיגן;
מאַרקס־ענגעלס „מאַניפעסט" געלערנט ווי תורת־משה,
געזונגען לידער מיט אַ נייעם ניגון...

מיט טויזנטער מאַרשירט דעם „ערשטן מאַי",
אין פראָנט געטראָגן שטאָלץ די רויטע פאָן,
וואָס האָט געפלאַטערט מיט דער בשורה: פריי!
אַז שלאָגן וועט די אויסגעבענקטע שעה.

געוואָרן איז לענין מיין נביא, דער נייער,
זיינע פלאַמיקע רייד באַצויבערט פאָלק און לאַנד;
אַ זעקסטל פון דער וועלט געוואָלט באַפרייען,
מקוים זאָל ווערן רייזענס ליד: „מיר ברעכן די וואַנט".

געקומען זיינען שוואַרצע טעג פון „פאַררעט"־פּראָצעסן,
דער שקר באַוועלטיקט — הערשט ווי אַ גאָט;
די צוגעזאָגטע פרייהייט האָט מען גאָר פאַרגעסן,
אַ „כאַוועה" פירט אַ „כאַוועה" צום עשאַפאָט...

טראַכט איך אָפט אין צאָרן און אין וויי:
ווי שטאַרק זאָל איך על־חטא זיך שלאָגן;
צוריק אין בית־המדרש כ'קען נישט גיין,
די רויטע פאָן — ווי קען איך איצטער טראָגן?...

# כולו שקר

כ׳האָב אַוועקגעלייגט דעם אַלטן חומש אין אַ זייט,
זיך נישט געעסק׳ט מער אין תנ״ך, גמרא;
מיט יוגנט־פּלאַם אַריינגעוואָרפן אין דער נייער צייט,
וואָס האָט געזאָלט באַפרייען פון נויט און צרות.

כ׳האָב אויפגעהערט צו קוועטשן די באַנק אין ישיבה,
זיך נישט געפּלפּול׳ט מער אין „בית הלל״ און „בית שמאי״;
מיינע רעיונות זיינען אַוועק צו גאָר אַ נייער סביבה,
געלערנט מאַרקס׳ „קאַפּיטאַל״, און נישט מער „בבא־קמא״.

מיינע שענסטע יאָרן אָפּגעגעבן אין קאַמף פאַר גאולה,
געגלויבט אַז „רויטע פאָן״ באַפרייען וועט אויך מיין שטאַם;
אין צער כ׳זע ווי פאַרטיליקט זיינען טויזנטער קהילות,
און אויפן לשון פון מיין פאָלק ליגט אַן אייזערנער צאַם...

שטיי איך איצט אַן אָפּגענאַרטער, און זע ס׳איז כולו שקר,
פאַלש געווען זייער רוף: אַלע פעלקער זיינען ברידער״;
אַ חוזק איז געוואָרן די עקידה פון הערש לעקערט,
צו שאַנד און שפּאָט די „רעוואָלוציע״, פרייהייט־לידער.

## פאַרוואָס און פאַרווען ?

אָפט ווער איך באַהערשט פון טריבע מחשבות,
און פרעג זיך אַליין: איז געווען דאָס כדאי ?
ס׳האָט די מאַמע געבעטן, דער טאַטע — געצאָרנט,
דאָך איך בין געבליבן מיין גלויבן געטריי...

מיין גלויבן אַז קומען וועט אַ בעסערע צייט,
אויף אייביק דער שקר פאַרשווינדן;
מקוים וועט ווערן דער „באחרית הימים״ —
וואָלף און שעפּס וועלן זיך פּאַשען ווי רינדער,

און אַלע כלי־זין וועלן ווערן פאַרביטן
אויף כלים וואָס אַקערט און זייט;
די שפע פון דר׳ערד וועלן אַלע געניסן,
ווי נביאיש פאַרשריבן עס שטייט.

געווען איז דער וועג מיט דערנער באַוואָקסן,
און שווער דעם ציל צו דערגרייכן;
איך האָב אים אָן מורא, און מוטיק באַטראָטן,
כ׳האָב געזען פונעם אמת אַ צייכן...

דער צייכן געלויכטן ווי אַן „עמוד־האש״,
געצונדן מיט צוזאָגן וואָרע:
באַפרייט וועלן ווערן מענטשן און פעלקער,
און אַ סוף צו די הערשער און שררות.

האָט אָבער דער שקר זיך ווידער באַוויזן,
פאַרקליידט אין נייע מלבושים;
פרעך ער שפּאַנט אין רויטן געוואַנט,
און טרעט אויפן אמת אָן בושה.

כ׳פרעג אָפט זיך אַליין: פאַרוואָס און פאַרוועך —
אין סכנה מיין לעבן געשטעלט;
אַז פאַרשוועכט איז מיין גלויבן, בטחון צעשטערט,
און שקר באַהערשט ווידער די וועלט.

# האָב איך ווייניק אויסגעליטן ?

כ׳האָב געגלויבט, געהאַט בטחון —
זיך דערלעבן אַביסל נחת,
קומט מיין גורל, מעשה־שטן,
און טוט מיר אָפּ אויף צו־להכעיס...

כ׳האָב געהאָרעוועט אַ בנין בויען,
ממשיך זיין מיין פאָלקס געזעץ ;
קומען פרעמדע אין מיין שטח,
שפרייטן זייער טומאה־נעץ.

ווערט פאַרפרעמדט מיין „לייב־און־לעבן",
שטעלט אַ וואַנט זיך צווישן דור און דור ;
ס׳פאַלט אַוועק פון מיר מיין צווייגל —
אין צער ווערן גרויער מיינע האָר.

האָב איך ווייניק אויסגעליטן
אויף מיין וואַנדערוועג דעם שווערן ?
קומט אַצינד מיין שפּראַך דער לעצטער,
און טוט מיין שווערן צער פאַרמערן...

פרעג איך מיט פאַרשטיקטן צאָרן,
און צומאָל מיט טיפן טרויער :
גורל הארטער, גורל בייזער,
וואָס רייסטו שטיקער פון מיין דויער ?!...

# אָן אַ האָפן

מיט טויזנטער פעדים געקניפּט און געבונדן —
כ׳בין תּמיד פאַרבליבן מיט מיין אייגענעם שטאַם,
כאָטש אָפט כ׳האָב דעם צויבער פון פרעמדע באַוואונדערט —
האָב איך זיך פון זיי געהיט ווי פון סם...

די דורות־ירושה געהאַלטן כ׳האָב הייליק,
ווי ס׳האָט מיך געלערנט מיין זיידע, מיין טאַטע;
דאָרט ווייט אין מיין שטעטל, וואו אַמאָל ס׳האָט געלעבט
דער הייליקער בעש״ט אין אַ ליימענער כאַטע.

און וואו נאָר אַ לאַנד וואָס מיין פוס האָט באַטראָטן —
דעם פאָדעם פון קיום כ׳האָב געוועבט און געשפּונען;
און האָט מיך מיין גורל געצוואונגען אין וואַנדער —
אין נצח פון פאָלק אַ טרייסט כ׳האָב געפונען...

כ׳האָב קוים זיך דערשלאָגן צו אַ רואיקן ברעג,
פון האַס און פון לעבנס־געפאַרן באַגלייט —
האָב איך אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיט קיום־יהדות,
ווייטער געשמידט פון דורות די קייט.

נאָר איצט ווערט פון פרעמדע ס׳הויז מיינס צעטרייסלט,
ס׳צעפאַלט זיך מיין בנין אין ליידן געשאַפן;
מיט צער מוז איך צוזען מיין המשך צעריסן,
און ס׳לייב פון מיין לייב, ווי אַ שיף אָן אַ האָפן...

# פרעמד

איך האָב אַ היים, אַ שיינע דירה,
און פּרנסה? — דאַנקען גאָט,
דאָך פרעמד איז מיר מיין בלוט און פלייש,
כאָטש נעם דערשטיק אין זיך דעם סוד.

כ׳האָב צוויי טעכטער, ווי רויזן שיינע,
צויבערדיק און מלא־חן,
נאָר פרעמד איז זיי מיין דורות־שטאַם —
צי קען נאָך ווער מיין צער פאַרשטיין?

אויך אַ ברודער און אַ שוועסטער,
באַקראַנצט מיט פרעמדע לאָרבן...
געקעמפט האָט ער אויף מאַדריד׳ס פעלדער,
זי — פון הונגער — אין סאָוויעטן־לאַנד געשטאָרבן.

כ׳האָב אַ ביכער־שראַנק מיט ביכער,
נאָר קיין יורש איז נישטאָ;
ס׳וועט זיי לייענען דער קעלער, בוידעם,
נאָכן שלאָגן פון מיין לעצטער שעה...

# אַ דאַנק דיר, בורא!

מיט וואָס זאָל איך דיר, שעפער,
פאַר דער זכיה באַצאָלן,
וואָס האָסט מיך באַשיצט
קעגן בושה און צאָרן?

ווען מיין קיים פון דורות
איז שיר נישט צעריסן געוואָרן;
מיין פלייש און בלוט
שיר נישט אויף תמיד פאַרלאָרן —

האָסטו די נעצן
פון טומאה פאַרטריבן,
און גאַנץ איז דער רינג
פון מיין אומה פאַרבליבן.

איז אַ דאַנק דיר, בורא,
פאַר דעם חסד דעם גוטן,
וואָס דו האָסט מיר באַוויזן
אין די שווערסטע מינוטן...

# בער האָראָוויץ, הי״ד *)

איך קען דיך, חבר, נישט פאַרגעסן,
איך זע אַ פריילעכן דיך ווידער ;
אין אָוונטן, אין קאַפעי געזעסן,
ווידער הער איך דיינע לידער.

אַט זע איך דיך פאַר מיינע אויגן,
אויף דיין פנים — מילדע שטראַלן ;
ווי אַ מאַגנעט ס׳האָט צו דיר געצויגן,
דיין קרעפטיק וואָרט — ווי פרישע קוואַלן.

דיין ליד פון זון, פון שאָטן און טאָל,
פון קאַרפּאַטן־בערג, פון בוים און פעלד ;
פון גערטנער גרינע, מיט סטעזשקעס שמאָל,
דיין ליד — אַ הימן דער גאַנצער וועלט.

ס׳זינגען ביימער דיינע תפילה׳ס,
די גראָזן שושקען זיך אין סוד ;
הימל און ערד זיינען מלא־גדולה,
דו זעסט אין אַלץ נאַטורס געבאָט.

דו, ערד־באַזינגער, ביסט מער נישטאָ,
אין טיפן צער כ׳טו נאָך דיר קלאָגן ;
אָפט גלוסט זיך מיר אין אַ שטילער שעה
נאָך דיר, מיין פריינט, אַ „קדיש זאָגן".

---

*) לויט אַ צייטונגס־באַריכט איז דער דיכטער ב. האָראָוויץ דער׳הרג׳עט געוואָרן פון נאַצי־בעסטיעס.

# אין אַ ניו־יאָרקער שפּיטאָל

מענטשן קומען, קראַנקע, מידע,
יונגע, אַלטע, מענער, פרויען;
אויף יעדערנס פּנים ליגט דער זיגל
פון צער און פּיין, עלנט, טרויער.

קוים מען שלעפּט זיך אויף די פיס,
שוואַך פון דורכגעמאַכטע ליידן;
אָפט טריפן טרערן פון די אויגן —
מען וואַרט און האָפט אויף גליק און פריידן.

אין מיין צימער כ׳טרייסט אַ שכן,
כ׳וויל זיין האַרץ אים גרינגער מאַכן;
כאָטש קיין טרייסט איז מער נישטאָ —
פון טאָג צו טאָג ער ווערט אַלץ שוואַכער.

ער בעט אַליין אויף זיך דעם סוף —
צו וואָס אומזיסט זיך מוטשען, פּלאָגן;
ס׳האָט בייזער גורל באַשטימט דעם גזר —
טאָ זאָל די לעצטע שעה שוין שלאָגן־...

***

איך ליג אין צימער, ביים אָפענעם פענצטער,
די זוניקע שטראַלן איך זאַפּ אין זיך איין;
אַ קראַנקער, אַ בלייכער — דאָך האָב איך בטחון,
אַז איך וועל אויסהאַלטן דעם ווייטיק און פּיין...

# ביכער ריידן

אין מיין ביכער־שראַנק שטייען ביכער
אין רייען אויסגעשטעלט,
יעדער בוך איז פֿאַר זיך אַליין
כמעט אַ גאַנצע וועלט.

חדשים־לאַנג זיי וואַרטן דאָ
פֿאַר־יתום׳ט און פֿאַרלאָזן,
איך פֿאַרשטיי זייער ווייטיק
און ביטערע פֿאַרדראָסן.

נאַדיר׳ס „נאַדירגאַנג״ טוט מיך בעטן,
מנחם׳ס „גייער״ האָט צו מיר אַ טענה,
סיגאַל׳ס „לידער״ פֿון אומעט און טרויער,
האַלפּערנס „פּאַווע״, די שירים פֿון היינע...

און פֿיל אַנדערע פֿרעגן שטום:
„ווי לאַנג איז נאָך דער שיעור
„צו זיין דאָ אַזוי עלנט
„און נישט פֿילן דיין האַנט־באַריר?

„אפֿשר וואָלט געווען אַ סברא
„אַ קינד דיינס זאָל אונדזער חבר זיין?
„דו ביסט איינגעשפּאַנט אין עול־פּרנסה —
„זאָל כאָטש אַ יורש דיינער לינדערן אונדזער פּיין״.



צו די ביכער אין מיין ביכער-שראַנק
איך טו „על-חטא" זיך שלאָגן ;
און צער כ'בעט ביי זיי פאַרגעבונג —
ס'איז מיר באמת שווער עס אַרויסצוזאָגן ;

ס'האָט מיין בידנער מזל מיך
מיט פרעמדער סביבה צוגעבונדן,
און מיט פרעמדקייט מוז איך טיילן
דאָס ביסל קאַרגע שטונדן ;

וואָס פאַרבלייבן נאָך שווערן טאָג
פון יאָגעניש און פראַצען,
כ'ראַנגל זיך אָפט מיט זיך אַליין,
און פון ווייטיק ממש שיער צום פּלאַצן . . .

און מיינע יורשים ? — זיי וועלן
נאָך מיין לעצטער גסיסה-שעה ;
די ביכער אינעם קעלער לייגן,
צו זייער נישט פאַרדינטער רו . . .

# גרויסער האַר!

אויב דו מיין גורל ווילסט אַזוי —
טאָ, כ׳גיב זיך צו דיר אונטער;
ס׳איז שוואַך מיין גוף ווי אַ שטרוי —
קעגן בייזע שטורמווינטן.

כ׳האָב נישט פאַרלאַנגט פון דיר קיין סך —
און אַזוי ווייניק צוריק באַקומען;
געוואַנדערט יאָרן, אָפּט טאָג און נאַכט,
אָן טענות — אַלץ גענומען.

קוים דערגרייכט אַביסל רו,
אַוואו דעם קאָפּ צו לייגן;
שיקסטו איצט די שוואַרצע שעה —
גרייט צו מיין קבר־וועג.

נעם איך אָן דיין הארטן גזר
מיט יסורים, טרערן;
נאָר איך בעט דיך, גרויסער האַר,
מיט רחמים מיך צעשטערן.

און אויב געזינדיקט קעגן וועם —
באַקאַנטע, ווייב און קינד;
בעט איך פאַרגעבונג — „כי אין
צדיק בארץ" — אָן אַ זינד.

און אויב די צוויי — יורשים צוויי
וועלן וויינען, מיך באַקלאָגן;
איז מיין רצון אין טיפסטן ווי:
כאָטש אַ „קדיש" נאָך מיר זאָגן...

(אַ טאָג פאַר מיין אָפּעראַציע
אויגוסט 28, 1960)



קיין היים, קיין ווינקל, איבערן קאָפּ — קיין דאַך; צייכענונג פון אַנוטע מאָסקאָוויץ (פידערער)

# וואו זענט איר?

(אַ פּליכטלינג־גרוס)

וואו זענט איר, פריינט, חברים מיינע,
ערגעץ אין דער וועלט פאַרוואָרפן?
צי האַלט איר אויף די שווערע פּיינען
פון בייטש און רוט און חלף שאַרפן?

צי וואַלגערט איר זיך וואו אַרום,
אין פראַנצויזישע באַראַקן?
צי אפשר אַלץ נאָך אין דער קלעם
פון דייטשן פרעכן צלם־האַקן?

צי מוזט איר עסן תפיסה־ברויט,
און אויף קאַלטער ערד זיך לייגן?
צי אפשר זענט איר גאָר שוין טויט,
ערגעץ אין די געטאָ־שטייגן?

צי וועט איר אויף דעם יום־הדין
נאָך קענען וואַרטן, כוח האָבן?
ווען פאַר דעם גרעסטן פיינט מיר וועלן
סוף־כל־סוף אַ קבר גראָבן?

חיים פידערער־מאַרגאָליס

# אין אברהם אבינו׳ס האָטעל

(דעם האַיאַס אַ מתנה)

איצט וואוין איך אין האַיאַס,
און רו מיר אוים די ביינער ;
פון די קלעפּ, שרעק און האַס,
כ׳בין נישט מער קיין וויינער.

ס׳איז אַ סוף צום נע־ונד,
כ׳האָב מיין רו געפונען ;
כ׳טראָג נישט מער די געלע לאַטע
פון דייטשלאַנד׳ס מערדער־הונען.

זאָג איך דיר, האַיאַס, אַ דאַנק
פאַר דיין ברייטן ברוך־הבא ;
פאַר רעטן מיך פון אונטערגאַנג,
און זיין אַ פרייער דאָ.

# הודו ל׳אמעריקה

(צום אָפּשלוס פון 300־יאָריקן יובל)

כּאָטש כ׳האָב דאָ נישט געפונען קיין „גאָלדענע גליקן"
און האַרט איז דאָס לעבן פון יאָגעניש, פּראַצע,
דאָך דאַנק איך דיר, לאַנד פון רײזיקע בריקן,
פון חכמה, דערפינדונג און וואָלקן־קראַצערס,

וואָס דו האָסט מיר געעפנט דײַנע רחבות׳ע טירן,
און מיר געגעבן אַ מקום־מנוחה ;
דײַן פאַקל פון פרײַ־זײַן טוט לויכטן, באַצירן,
באַשטראַלט דעם געיאָגטן, און גיט אים אַ ברכה,

און היילט זײַנע וואונדן פון וואַנדער און טרויער,
לאָזט אים פאַרגעסן די לאַטעס די געלע ;
ער ווערט אין דײַן היים אַ שאַפער, א בויער,
וואָס ס׳האָט אים פאַרווערט דער האַקן־צלם.

וויל איך זאָגן : אַמעריקע, אַ לויב און אַ דאַנק,
צום דרײַ הונדערטסטן יאָר פון יושר פאַר אידן ;
איבער לענדער און ימ׳ען זאָל שאַלן דער קלאַנג,
פון פעלקער און ברידער, פאַר אמת און פרידן.

# „תמחה את זכר עמלק"

וויפיל לידער מ׳האָט אָפּגעדרוקט,
וואָס כ׳האָב אין וואַנדער־וועג געשריבן,
מערער נאָך האָב איך צעפליקט,
פון מיין דמיון זיי פאַרטריבן.

כ׳האָב אָפט געפילט ווי צום דערשטיקן,
קוים געקענט אַ וואָרט אויסריידן;
אָנגעהויבן האָט ס׳האַרץ צו דריקן,
ווען כ׳האָב דערמאָנט זיך אין די ליידן

וואָס דאָס פאָלק פון „דיכטער־דענקער"
האָט אָפּגעטאָן צו מיין אומה, —
די קרעמאַטאָריעס פון דייטשע הענקער
האָבן אָפט געמאַכט מיך צו פאַרשטומען.

אין שטילע שעה׳ן פון טיפסטן צער
האָב איך געטראַכט צו זיך אַליין:
אונדזער חורבן איז דאָך אין לשער —
נישטאָ קיין לשון דאָס צו פאַרשטיין.

איז צו וואָס־זשע נאָך לידער שרייבן,
דערמאָנען גרויל פון רוט און בייטש? —
זאָל אפשר אויסגעמעקט פאַרבלייבן
דער זכר פון נייעם עמלק־דייטש!

# דיינע תפילות פאַר מיין לעבן . . .

צו דיר, מיין גוטע, טרייע מאַמע,
אַ ווערטער־קראַנץ טו איך שיקן,
איבער לענדער, ווייטע ים׳ען,
זאָל מיין ליד דיך קוויקן.

האָסט געשטראָפט מיך פון ליבשאַפט גרויס
אין מיינע קינדער־יאָרן ;
כ׳פיל נאָך היינט דיין צאַרטן שטויס,
כאָטש עלטער כ׳בין געוואָרן.

ווען כ׳האָב דיך פאָלגן נישט געוואָלט,
מיט גוטע רייד פלעגסט מיך פאַרשעמען,
און כלומרשט אַ „קללה״ באַלד —
„דער רוח זאָל דיך נישט נעמען !״

און אַז אַ יום־טוב איז געקומען,
אַ באַפרייטער פונעם חדר,
האָסט מיך אויף דיין שויס גענומען,
און פאַרפוצט אין נייע קליידער.

יעדן שבת נאָכן עסן
„שבת־אויבסט״ פלעגסטו מיר געבן ;
אויך קען איך, מאַמע, נישט פאַרגעסן
דיינע תפילות פאַר מיין לעבן.

## נישט מער קיין אורח...

איז דאָס אַ חלום אָדער וואָר?
ס'איז אוים מיט קצבה נעמען,
עפּעס ווערט דעם דמיון קלאָר:
איך דאַרף זיך מער נישט שעמען.

ווי וואויל ס'איז פון הארטער האַנט,
פון אייגענער פּראַצע לעבן,
ס'ווערט דאָס מיטלייד אָפּט צו שאַנד,
ביים וואַרטן מען זאָל געבן...

אויפגעלעבט ווערט דאָס געמיט
ביים אייגן טיש צו עסן,
נישט מער קיין אורח, רחמנות־איד,
אָפּט שעה'ן, טעג, מעת־לעת'ן.

# בערעלעך און פּערעלעך

(אין קעמפּ בויבעריק)

רוען אידן אונטערביימער,
אויסגעטאָן פון זאָרגן,
און דער שטילער וואַלד און טייך
גריסן זיי יעדן מאָרגן.

שווימען שיפלעך אויפן טייך,
אין זיי זיך פּאָרלעך וויגן,
און אַ ווינטל, קיל און מילד,
ברומט זיך ווי אַ ניגון.

שיינט די זון מיט הייסע שטראַלן,
עס ברוינט זיך גוף און גלידער,
און אין שאָטן זינגט זיך „עמך"
פון זיין פאָלק די לידער.

און דאָס קליינוואַרג אין קאַראַהאָד
שפּילט אין טאַנץ־געדריי,
די בערעלעך און פּערעלעך —
אַ לעבן נאָר אויף זיי.

# נ י ו ־ י אָ ר ק

איך בין באַצויבערט פון דיינע ברייטע, לאַנגע גאַסן,
פון דיינע הויכע שטיין־און־שטאָל פּאַלאַצן,
פון טיימס־סקווער׳ם בלענדיקן געטומל טאָג און נאַכט,
וואָס שטראַלט מיט פאַרבן־ליכט, פרייד צום לעבן וואַכט;

פון גריניטש ווילידזש׳ם קינסטלער, באַבערדלטע פּאָעטן,
כמעט איעדער לאַכט פון זיי, טוט זיי נאָר באַשפּעטן;
אָפט זע איך זיי אין נאַכט־לאָקאַלן ביי אַ גלעזל וויין,
בייטאָג אויפן סקווער מאָלן בילדער אין העלן זונען־שיין;

פון די ניו־יאָרקער מיידלעך, זייער חן און גאַנג,
יעדער טראָט ווי מוזיק, יעדער שריט אַ געזאַנג,
מאַנכע צניעות׳דיק פאַרשעמט, מאַנכע יצר־הרע׳דיק געגאַרט,
זייער ריטמישער שפּאַן אַזוי איידל, אַזוי צאַרט

אפילו דער אָפּגעריסענער טרעמפּ־פּראָלעט פון בויערי־גאַס,
וואָס פאַרקויפט זיין לעצטן בגד פאַר אַ ביסל שנאַפּס,
און לעבט כמו אַ לעבן, אָן גליק, אָן פריידן,
און וויל זיך מיט דעם יאָמער־טאָל נישט צעשיידן.

יאָ, אויך דיינע ניו־יאָרקער שאָטנס, קליינע און גרויסע,
האָבן מיך פון דיר נישט אָפּגעשטויסן;
דו ביסט אַ גן־עדן, כאָטש אָפט ברענגסטו אויך בזיונות —
דו ביסט מיר ליב מיט דיינע מעלות און חסרונות.

# זכור!...

ס'זיינען נאָך נישט פאַרהיילט די בלוטיקע וואונדן,
סאַ'יז נאָך טיף אין זכרון די פּיינען און מאָרדן;
מ'הערט נאָך אין דמיון די קרעכצן פון קדושים,
פאַרשניטן אויף אייביק פון דייטשע האָרדן;

ס'איז נאָך אפילו קיין דור נישט פאַרגאַנגען,
דאָך הויבט מען שוין אָן צוביסלעך פאַרגעסן —
מ'וויל זיך שוין זעצן צום טיש מיטן גזלן,
דעם בלוטיקן שונא, פונעם ליד: „האָרסט-וועסל".

פאַרגעסן דעם צער פון דער הייליקער צוואה,
מיט טרערן און בלוט אויף אייביק פאַרשריבן:
„זכור!" געדענק עד סוף כל הדורות,
ווי מען האָט אונדז צום גאַז און פייער געטריבן;

ווי מ'האָט אונדז באַפוילן אויף תליות צו קוקן,
אונדזערע ריינע טעכטער געצוואונגען צו... „פריידע";
באַפוילן אַליין זיך צו גראָבן די קברים —
געדענקט, אַ געדענקט אונדזערע שרעקלעכסטע ליידן.

און וואו נאָר איר וועט קענען — נעמט געהעריקטע נקמה
אינעם נייעם עמלק פון רויט און פון ברוין,
און אויסגעמעקט פונעם פאָלקס זכרון
ווערן זאָל דער נאָמען דייטש!

חיים פידערער־מאַרגאָליס

# ס׳איז די וועלט אין רו געשלאָפן

(הנה לא ינום ולא ישן שומר ישראל)

ווען דריטער חורבן איז געקומען,
און פאַרשניטן אידיש לעבן,
איז די וועלט אין רו געשלאָפן,
און אָפט אַ פאַלשן קרעכץ געגעבן.

ס׳האָט דער שונא אונדז פאַרפייניקט,
אין „רעכטס" און „לינקס" צעטיילט, געקליבן —
און די ערד האָט נישט געציטערט,
ווען אויך צום לעצטן גאַנג געטריבן.

ס׳האָט דער הימל נישט געטרויערט,
די זון — געשיינט אין גאָלדן בלענד,
ווען אויסגעגאַנגען עם זיינען קדושים,
פאַרברענט פון דייטשע רוצחים־הענט.

אויך דער „שומר פון ישראל"
האָט געדרעמלט, איז געשלאָפן —
די הייסע תפילה׳ס און יללה׳ס
האָבן צו אים נישט געטראָפן...

# מאַשינען

ס'האָט מיין גורל מיך פאַרבונדן מיט מאַשינען,
איך ווער פון זיי באַהערשט כמעט אַ לעבן-לאַנג,
און ווי אַן עבד זיין באַפעלער טו איך זיי באַדינען,
מיין דמיון ווערט פאַרטונקלט פון זייער רויש-געקלאַנג.

זיי יאָגן זיך און קרייזן ווי אַ שטורמדיקער וויכער,
איך דריי זיך אַרום זיי, האַלט אויף זיי די בליקן,
ס'וויל דער „פאָרמאַן" די אַרבעט שנעלער, גיכער,
און שטויביק לופט, ווי סם, טוט מיין גומען שטיקן.

אַט אַזוי אַ קימא-לן, אַ פערטל מאה יאָרן,
נאָך אין דער אַלטער היים, אויך דאָ אין נייעם לאַנד,
בין איך מיט די מאַשינען ווי פאַר'קנס'ט געוואָרן,
פון קאָלירטע פעדים שטריק איך אַ שטריק-געוואַנט.

דאָך איז מיר ליב דער זיווג מיט מאַשינען,
זיי גיבן מיר אַ בגד, ברויט צו זאַט!
זיי מאַכן מיר אויך מעגלעך, מיין אידיש ליד צו דינען,
וואָס פאַרהיילט מיין וואונד פון אַמאָליקן נע-ונד.

חיים פידערער־מאַרגאָליס

# מאַמע

(אין אָנדענק מיין אומגעבראַכטער מוטער)

איך ווייס נישט דעם טאָג ווען דו ביסט געבוירן,
איך ווייס נישט דעם טאָג ווען דו ביסט געשטאָרבן,
איך ווייס נאָר אַז כ׳האָב דיך אויף אייביק פאַרלוירן,
איך ווייס ביסט געוועז ביי די דייטשן אַ קרבן.

איך ווייס מען האָט פון דער היים דיך פאַרטריבן,
געמאַטערט, געפּייניקט אין נאַצישן גיהנום,
אַ זקנה צו אַכציק — דיך אויסגעקליבן,
אינאיינעם מיט אַנדערע אין גאַז־אויוון ברענען.

כאָטש האָסט נישט פאַרפעלט קיין תענית צו פאַסטן,
און תמיד געגלויבט אינעם הייליקן בורא,
אַז ער וועט דיך שיצן פון צרות און לאַסטן —
דאָך האָסטו געטיילט פון מיליאָנען דעם גורל...

איך זאָג נאָך דיר קדיש יאָר נאָך יאָר,
דו לעבסט אין מיין דמיון, ווי כ׳וואָלט איצט דיך געזען,
דיין מאַמעשע ליבע — ווי נביאישע וואָר,
וואָס האָט געהייסן מיר לויפן פון חיה׳שע ציין...

בין איך געלאָפן אין וואָגל, אין וואַנדער,
איבער לענדער און ימ׳ען ביז געפונען כ׳האָב רו,
און דו? — ביסט געבליבן ביי רוצחישע באַנדעס,
איך ווייטיק אין צער יעדן טאָג, יעדע שעה...

# צו דער אויסגעבענקטער היים

(מיין טאָכטער שולמית אַ מתּנה)

דו גייסט צוריק אין לאַנד פון אונדזער האָפן,
באַוואָפנט מיט גלויבן און מאַקאַבייער־מוט,
פון מזרח, מערב, דרום, צפון —
ווילן בייזע שונאים דערטרינקען אונדז אין בלוט.

נו, גיב איך דיר אַ ברכה, „כּרחם אָב",
ס'איז מיר באמת שווער זיך פון דיר צו שיידן;
נאָר אויב צום גלות פון מיין פאָלק זאָל זיין אַ סוף —
מוז פאָטערס האַרץ פאַרגעסן צער און ליידן.

טאָ גיי, באַוואַף מיט שוויים און בלוט דאָס אויפגעבויטע הויז,
אין שווערער שעה זאָל דיך מיין ליד באַגלייטן,
פאַר אַ שוץ זאָל גיין מיין ברכה דיר פאָראויס —
פאָראויס צו אויסגעבענקטער היים, פון דורות אַלטע צייטן.

חיים פידערער־מאַרגאָליס

# זיי געבענטשט, טייער לאַנד!

(צו דיר, אַמעריקע)

און איצטער, נאָך וואָגלען לאַנג
איבער לענדער, ווייטע ים'ען,
זינג איך אַ געזאַנג
צו דיר, ווי צו אַ מאַמען.

דו ביסט אַ שוץ פאַר די געפּלאָגטע,
גע'רודפ'טע פון דורות פיל;
אַ ליבע היים פאַר געיאָגטע —
מיד פון וואַנדער אָן אַ ציל.

פאַר קיינעם איז דיין וועג פאַרשטעלט,
אָט דאָס מאַכט דיך אמת גרויס;
אַלע קינדער פון גאָטס וועלט
נעמסטו אויף אין דיין ליבן הויז.

טאָ נעם־זשע צו פון מיר אַ ברכה,
פון מיר, אַ פּשוטן עמיגראַנט,
דו ביסט פאַר אונדז אַ מקום־מנוחה —
זיי געבענטשט, דו טייער לאַנד!

# איך בענטש די שעה

(מיין טאָכטער אַניטאַ אַ מתּנה)

איך זע דיך באַטרעטן דעם „כּנפֿי־הנשר",
וואָס שטייט אַזוי שטאָלץ אין בלוי־ווייסן בלענד;
ער וועט דיך באַלד פֿירן צום לאַנד פֿון די אבֿות,
צום לאַנד וואו ס'האָבן דורות זייערע אויגן געווענדט.

אין צער און אין פֿרייד כ'טו בעטן אַ תּפֿילה:
זאָלסט ווערן באַשיצט פֿון צרות און לייד;
כאָטש אָפּט כ'האָב געליטן יסורים און פּיין,
ווען האָסט שיער ניט צעריסן פֿון אונדזערע דורות די קייט.

ס'איז שווער די שעה פֿון דיר זיך צו שיידן,
ווער ווייסט צי כ'וועל נאָך דערלעבן די זכיה
דיך ווידער צו זען אין רינג פֿון מיין שטאָם,
און זען ווי דו וועבסט ווייטער דעם פֿאָדעם פֿון קיום.

טאָ נעם־מיט אויף דיין וועג ווי אַ „צידה־לדרך"
מיין ליד, ווי אַ ברכה, וואָס זאָל דיך באַגלייטן;
און אפֿילו וועסט מוזן מיטן גורל זיך ראַנגלען —
דאָך בענטש איך די שעה ווען די ערד וועסט באַטרעטן!

# דער עסייאיסט

(משה וויטיעס׳ן אַ מתּנה)

ר׳איז מערסטנס אַ פריילעכער
מיט אַן איידעלן שמייכל;
שרייבט ער אַ מאמר —
איז דאָ וויסן און שכל.

שפּעט אין די נעכט —
אַ מתמיד אין פאָרשן;
פאַרטיפט אין מקורה׳ס
פון אידישן לשון.

אין זיין בוך „עסייען"
אַרויס איז פון דרוק,
זעט מען מבינות
אין אַלץ וואָס ער זאָגט.

פשוט באַווייזט ער,
ווי פעלקער און שטאַמען
האָבן געלייגט דעם יסוד
פאַר לידער און דראַמען.

אין וועלטלעכע ביכער —
בקיאות אַ סך;
ר׳איז אין זיי אַזוי היימיש,
ווי, להבדיל, אין תנ"ך.

פון אורקוואַל ער שעפּט
די באַהעפטונג אין גאָט;
אויך פאַרבאָרגענע מיסטיק —
איז פאַר אים נישט קיין סוד.

פון דורות קדמונים
די פעדעם ר'טוט וועבן,
און געשאַפן אַ בנין
פאַר קיום און לעבן.

# אַ קליינטשיק מיידעלע

כ׳האָב אַ קליינטשיק מיידעלע,
איז זי אַזוי שיין;
אין איר רויטן קליידעלע
איז זי מלא־חן.

ווי די קאַרשן אירע אייגעלעך,
ציינדלעך ווייס ווי שניי;
ווי די רויזן שיינע בעקעלעך,
רויטע ליפּעלעך צוויי.

ריידן קען זי אַלע שפּראַכן,
כ׳קען זי קוים פאַרשטיין;
ווען זי הויבט נאָר אָן צו לאַכן,
אַ מחיה דאָס צו זען.

„מאַמע" זאָגט זי שוין אויף אידיש,
און אויף דאַנק — „מערסיע";
גריסן טוט זי אויף שווייצאַריש
מיט דעם וואָרט: „גריעטסי".

„טשינק" און „טשעק" אויף כינעזיש —
אָסור אויב איך ווייס;
עפּעס ווינט זי „איי" אויף ענגליש
מיט טרערן אַזוי הייס.

ווי אַ פייגעלע איר זינגען,
אַ גלעקעלע — איר שטים;
איר קול׳כעל טוט קלינגען:
„לאַלאַ" און „דזישם־בים".

זי וויל נאָר שיינע זאַכן,
שפּילצייג אָן אַ שיער;
אָבער באַלד איז אַלץ צעבראָכן —
מיר זאָל זיין פאַר איר.

אוי, ווי ליכטיק ביסטו, מיידל,
כ'האָב דיך אַזוי ליב;
דיין כאַראַקטער זאָל זיין איידל —
דו, קרוין פון מיין שטוב.

כ'בין אַ פּליט, כ'האָב קיין געצעלט,
געטריבן פון בייזע הינט;
דאָך בין איך רייך ווי די וועלט,
מיט דיר, מיין טייער קינד.

ציריך שווייץ, 1941

# זון־פאַרגאַנג

אַרומגערינגלט איז דער טייך
מיט בערג — קליינע, גרויסע ;
צונויפגעשלאָסן ווי אַקסל צו אַקסל,
באַדעקט מיט גרינע ביימער.
אַ דופטיקער ריח ווי פון בלומען
שפרייט פון זיי זיך אויס
אין דער לענג און ברייט —
די זון פאַרגייט.
אַ שמאָלער וואָלקן, פלאַמיק־רויט,
שפיגלט זיך און שימערט
איבער דער גאַנצער ברייט
פון לאַנגן טייך.
עס שווימען שיפלעך צו צום ברעג,
און די פאָרלעך ברענגען מיט
מיט זיך די ברכה
פון שטילן, קילן וואַסער,
מיט אַ לויב צום זון־פאַרגאַנג.

אַרבעטער רינג קעמפ, האָפוועל דזשאָנקשאָן, יולי, 1961



חיים פידערער (מרגולי'ס)

# לידער פון א פָּליט





## תקון טעות

זייט 35, צווייטע סטראָפֿ, צווייטע שורה דאַרף זיין: קיינמאָל דאָ נישט פעלן, אנשטאָט דאָרט נישט פעלן.

זייט 46, דריטע סטראָפֿ, ערשטע שורה דאַרף זיין מיט גרויע כמאַרעס, אנשטאָט גרויסע כמאַרעס.

זייט 49, דריטע סטראָפֿ, ערשטע שורה, דאַרף זיין: אַלטיטשקער, אנשטאָט אַלטשיטשקער.

זייט 84, פינפטע סטראָפֿ, צווייטע שורה, דאַרף זיין: וואָס רויבט מיר די רו, אנשטאָט מיך די רו.

זייט 119, דריטע סטראָפֿ, ערשטע שורה, דאַרף זיין: טאָ, גיי! באַוואַך דאָס מיט שווייס און בלוט אויפגעבויטע הויז.